ב. אָרשאַנ

# עפּיזאָדן





מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס“, מאָסקווע 1940

ב. אָרשאַנסקי

# עפּיזאָדן

דערציילונגען
פאַר קינדער



מעלוכע-פאַרלאַג „דער עמעס"
מאָסקווע 1940

# אינהאלט



Б. ОРШАНСКИЙ. ЭПИЗОДЫ

Редактор С. *Годинер*. Техредактор *А. Фридкин*. Корректор *А. Хармац*.

Государственное издательство „Дер Эмес" № 300.

Сдано в набор 15/X-1939 г. Подписано к печ. 7/III-1940 г. Формат бумаги 60×92 1/16.
4 печ. листа, 4,5 уч. изд. лист. Тираж 3000 экз. Заказ № 738. Уп. Главлита РСФСР А—25799.

17-я фабрика нац. книги Огиза РСФСР треста „Полиграфкнига". Москва, Шлюзовая наб., 10.

# מיכקע דער בערשטער

## 1

לאנגזאם, שטיל אונ ווייכ זײַנענ געפאלנ שיטערע לופטיקע שנייעלעכ. זיי האָבנ זיכ שטיל אונ באקוועם געלייגט אפ דער פוכיקער ווײַסקײַט, זיי האָבנ זיכ געלייגט איינס לעבנ איינעם, איינס אפ איינעם...

אלצ לאנגזאמער אונ זעלטענער פאלנ די שנייעלעכ. אָט בלאָנדזענ בלויז עטלעכע, לעצטע, פארשפעטיקטע, פארלאָרענע...

ס'איז „סערינקע".

איכ בינ ארויס פונ וואלד. א טונקעלע בלויקײַט האָט גערוט אפ דער פארטאָגיקער ווײַסקײַט פונ פעלד. הינטערנ וואלד האָט זיכ א הימל אָנגעהויבנ פארנעמענ אפ רויט. בא די בלאסע וואָלקנס ארום האָריזאָנט האָבנ זיכ ראָזעווע בעקלעכ אָנגעצונדנ, אונ באלד האָט זיכ א שפּיצ פונ א גינגאָלדענעם ווייער באוויזנ, ער האָט זיכ אלצ ברייטער צעשפּרייט, ביז ער האָט שוינ א שטיק הימל פארנומענ. עס איז ראָזעוו-ליכטיק געוואָרנ. עס האָבנ די שנייענ א בלישטשע געטאָנ מיט ראָזעווע בריליאנטנ אונ א שפּיל געטאָנ אינ דער ליכטיקער פרישקײַט. בלויז דער וואלד איז נאָכ א ביסל פארשלאָפנ. צעשפּרייט די יאָדלדיקע לאפּעס, שטייענ די ביימער באשנייטע אונ שלעפעריקע אונ פוילנ זיכ אופצוכאפנ פונ שלאָפ.

פונקט אזא פרימאָרגנ ווי הײַנט, א רויטער אונ א זוניקער, האָט דעמלט אינ מײַנ פענצטער ארײַנגעשײַנט, אונ איכ האָב זיכ דאנ אופגעכאפט פונ דער שווער געשלאָפענער נאכט.

נאָכ פונ נעכטנ זײַנענ די גאסנ געווענ אומרויק. אינדערלופטנ האָבנ זיכ געטראָגנ קלאנגענ, וואָס האָבנ איבער יונגע הערצער געקלאפט אונ האָבנ די בלוטנ וודיק געמאכט.

הײַנט זײַנענ פונ פעטערבורג קיינ צײַטונגענ ניט אָנגעקומענ. די טעלעגראמעס דײַטנ אָנ, אז „דאָרט", אינ דעם ווײַטנ פעטערבורג, קומט עפּעס פאָר.

מעוולולעלע, פארוונדערטע אונ איבערגעשראָקענע מענטשנ דרייענ זיכ ארום איבער די גאסנ, קלײַבנ זיכ אינ קופּקעלעכ, האלטנ זיכ ניט לאנג אינאיינעם, צעגייענ זיכ מיט א קוועטש פונ פלייצעס נאָכ מער פארוונדערטע:

— א גאלעכ... גאפאָנ... געפירט די ארבעטער צום קייסער מיט א פעטיציע...

אפילו אין אונדזער „קאַמער" און אפילו דער כאַווער מיכקע האָט אויך מיר גאָרניט געקאָנט זאָגן וועגן דעם, וואָס דאָרט אין פּעטערבורג קומט פאָר.

דאָס מאָל, דאָס איינציקע מאָל אין מײַן לעבן, האָב איך מיכקען ניט געגלייבט, איך האָב געהאַט אַ חשד, אַז הײַנט זאָגט ער מיר ניט דאָס, וואָס ער ווייסט... אפֿאַנעם, אַ שטרענגע קאָנספּיראַטיווער איניען.

וואָס איז דאָס אַזוינס אַ פּעטיציע? צום ערשטן מאָל אין מײַן לעבן הער איך אַזאַ וואָרט. און פונדעסטוועגן שטויס איך זיך אָן, איך שטעל זיך פאָר: אַ לאַנג שטיק פאַנאַנדערגעוויקלטן פּאַרמעט, פאַרשריבן מיט קליינע אויסיעלעכ—דאָס מוז זײַן אַ פּעטיציע. נאָר ניט דאָס אינטערעסירט מיך איצט. גענוי וועגן דעם וועל איך דערגיין אַפּ מײַן קרײַזל... מיך וווּנדערן די נײַע ידיעות, זיי זײַנען אַזעלכע ניט קלאָרע, ניט פאַרשטענדלעכע, און פון מינוט צו מינוט ווערן זיי אַלץ שפּאַנענדיקער און אופרייצנדיקער.

— די אַרבעטער זײַנען געגאַנגען בעטן דעם קייסער, און מע האָט זיי צעשאָסן...

„בעטן"?!..

איך בין נאָך גאָר אַ יונג יאַטל, אין דער באַוועגונג בלויז צוויי יאָר, אָבער איך ווייס שוין, אַז אַ קייסער בעט מען ניט, אַ קייסער שלײַדערט מען אַראָפּ פון טראָן.

איך באַגעגן זיך מיט מײַנע כאַווײרים פון קרײַז, און פון אַלעמען הער איך איינע און די זעלבע פראַגע:

— אַ גאַלעך?.. אַ פּעטיציע?.. געבעטן?..

אַפּ איין מינוט פאַרגעסן מיר אַלע דאָס שטרענגע וואָרט „קאָנספּיראַציע". מיר זײַנען אַפּ די גאַסן, מיר לויפן אום איינע צו די אַנדערע. מיר זײַנען ניט ווייניקער מעוווּלוול, ווי די צעשרויפטע בירגער פון גאַס.

מיר האָבן אַ כאַווער, וועלכן מיר רופן „שוואַרצער בערלינטשיק". צו אָט דעם בערלינטשיקן דאַרף מען אַרײַנלויפן, דערגיין עפּעס נײַס — זײַנע אַ שוועסטער איז אַ קורסיסטקע און האָט הײַנט אינדערפרי געדאַרפט קומען פון פּעטערבורג. זי מוז אַלץ וויסן: ווײַבאַלד אַ קורסיסטקע, איז זי דאָך בעפייערעש אַ „באַקאַנטע"[1]...

פאַר אונדז, פאַר דער יונגער כעווורע, זײַנען די געשעענישן ביכלאַל געווען אויסערגעוויינלעך. אין דער לופט האָט זיך געפילט אַזאַ מין שטורעם, אַז עס האָט געמוזט קומען צו אַ דעמאָנסטראַציע. אַ דעמאָנסטראַציע... איין קלייניקייט — אַ דעמאָנסטראַציע!

דער גרעסטער טייל פון אונדזער קרײַז האָט שוין לאַנג געוואַרט אַפּ אַ דע-מאָנסטראַציע. ביז אַהער האָבן מיר בלויז געהערט פון אַ דעמאָנסטראַציע, אָבער געזען האָבן מיר זי נאָך ניט.

און איצט — אָט דווקא זי זיך אָן, אָט די גראַנדיעזע דעמאָנסטראַציע, אין וועלכער מיר אַלע וועלן נעמען אַן אָנטייל... מיר וועלן זײַן אַפּ אַ דעמאָנסטראַ-

[1] אַ באַקאַנטער האָט אַמאָל געהייסן אַ מענטש, וואָס האָט אַ שײַכעס צו דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

ציע... — און צוזאמען מיט דער גרויסקייט פון דער דעמאָנסטראציע רוקט זיך אָן אויך איר גרויזאמקייט. מיר האָבן ניט איין מאָל געהערט, אַז אַפּ א דעמאָנסטראציע פּליִען אָן קאזאקן. זיי שנײַדן זיך אַרײַן אין דער מאסע, הייבן אָן צו האקן מיט די שווערדן, שינדן מיט די נאהײַקעס, שטעכן מיט־די פּיקעס... אָבער ווער טראכט עס וועגן דעם... דאָס איז דאָך בעמיילע אזוי: איז נאָר א דעמאָנסטראציע—מוזן זײַן קאזאקן, שפּיזן, קאָרבאָנעס... עפּעס דאָס וואָרט „קאָרבאָנעס" אַלײַן האָט איצט אויסגעזען פײַערלעך און נאָבל...

אזייגער צוועלף באטאָג האָט מען אונדז אָנגעזאָגט:

— הײַנט צו זיבן אזייגער דאַרף מען זײַן אַפּ דער קאָנספּיראטיווער דירע.

א טאָג א גאנצן בין איך אומגעפּאָרן אהער און אהין פון אומגעדולד, — ווי דערוואַרט מען שוין זיבן אזייגער אין אָוונט!

מיט צעפּלאמטע פּנעמער און נאָך מער צעפּלאמטע פאנטאזיעס זײַנען מיר אַלע הײַנט געקומען אַפּ אונדזער קאָנספּיראטיווער דירע. הײַנט איז אומגעוויינלעך טומלדיק בא אונדז. אַלע ריידן, גיבן איבער די אײַנדרוקן פון טאָג. דער „שווארצער בערלינטשיק" דערציילט: זײַן שוועסטער איז טאקע געקומען פון פּעטערבורג. הונדערטער טויזנטער ארבעטער זײַנען געגאנגען צום קייסערלעכן פּאלאץ. זיי זײַנען געגאנגען פרידלעך, זיי האָבן געוואָלט בעטן באם קייסער פרײַהײַט. מיט געטשקעס אָנשטאָט פאָנען זײַנען זיי געגאנגען... און דער גאנצער פּלאץ פארן קייסערלעכן פּאלאץ איז געווען באדעקט מיט קאָרבאָנעס... טויזנטער ארבעטער זײַנען צעשאָסענע און פארוווּנדעטע, געלעגן אַפּ די גאסן... און באנאכט, ווען די גאנצע שטאָט איז געווען פארהילט אין שלאָף, האָט מען די קאָרבאָנעס אונטערגעקליבן און אין פראכט-וואגאָנעס האָט מען זיי ארויסגעפירט הינטער דער שטאָט און דאָרט ערגעץ באגראָבן, מע ווייסט ניט ווו.

אָט דאָס דערציילט דער „שווארצער בערלינטשיק". אָבער אויך ער קאָן אונדז ניט ענטפערן אַפּ דער פראגע: ווער איז דאָס דער גאפּאָן, דער גאלעך? ניט שוין זשע איז ער אויך אן איסקראָוועץ?.. און עפּשער איז ער גאָר א באוווּסטער צעקיסט, נאָר ער האָט זיך איבערגעטאָן פאר א גאלעך?

דרײַ שטילע קלעפּ אין ווינקל פונעם לאָדן. דאָס איז־ער... אונדזער פאָרשטייער. עס ווערט שטיל און אָנגעשטרענגט. אַלע ווערן מיטאמאָל שטום, און יעדערער אײַלט זיך צו פארנעמען אן אָרט. מע זיצט און מע וואַרט. בלויז איין כוואַלער גייט אים באגעגענען.

א מאָדנע זאך: דער פאָרשטייער גייט הײַנט עפּעס אזוי שטיל, קוים וואָס ער רירט זיך פון אָרט. ער שטייט אינמיטן שטוב, און מיר באמערקן — ער איז פארשוויצט. ער איז מאָדנע גראָב געוואָרן... וואָס איז מיט אים?

ער האָט זיך געשטעלט באם ברעג טיש, האָט אַלעמען ארומגעקוקט. מיר זײַנען פארגאפט.

— אַלע זײַנען דאָ?

— אַלע.

— און דאָרט (ער טוט א ווונק אַפּן צימער הינטער דער וואַנט) איז קיינער ניטאָ?

— ניין.

— די מײַסע איז אזוי, כאווירים. הײַנט וועט מען דארפן „שנייען“ די גאסן. דאָס מאָל דארף מען אָבער זײַן באזונדערס פאָרזיכטיק. די גאסן זײַנען פול מיט שפּיקעס. עס וועלן הײַנט בעפירעש זײַן ·ארעסטן. איך אליין וועל אײַך הײַנט אלעמען דורכלאָזן. אין פאל פון אן ארעסט, זאָלט איר וויסן ווי זיך צו האלטן: קיין שום אדרעסן ניט אָנווײַזן, קיין נעמען ניט אָנרופן. טאָמער שטעלט מען אײַך פּאָנעם-על-פּאָנעם און מע פרעגט אײַך, צי איר זײַט ניט באקאנט, זאָלט איר זאָגן, אז ניט. איר קענט ניט איינע די אנדערע. איר ווייסט ביכלאל ניט פון וואָס צו זאָגן. די בלעטלעך האָט אײַך געגעבן עפּעס א פארשוין, איר האָט געמיינט, אז דאָס זײַנען מוידאָעס. ער האָט אײַך געגעבן א רובל און האָט געזאָגט: — טייל פאנאנדער.

מיר זײַנען געזעסן מיט אָפענע מײַלער און האָבן געשלונגען יעדעס וואָרט זײַנס. יעדעס וואָרט זײַנס איז פאר אונדז געווען א געזעץ.

ער האָט זיך צעשפּיליעט, פאנאנדערגעבונדן די שטריקלעך און ענדלעך אראָפּגענומען פון זיך עטלעכע דיקע פּלאסטן „מאצעס“ און אוועקגעלייגט אפן טיש.

— כאווירים, — האָט ער געזאָגט, טײַלנדיק די פּראָקלאמאציעס, — דער קאָמיטעט האָט געגעבן א דירעקטיוו, אז מע זאָל זיך גרייטן צו אן אלגעמיינעם שטרײַק, אלס פּראָטעסט קעגן דער פּעטערבורגער בלוט-באָד... טויזנטער ארבעטער זײַנען געפאלן אפ די גאסן פון פּעטערבורג. טויזנטער ארבעטער ליגן פארווונדעטע אין די שפּיטאָלן, אפ פּריוואטע דירעס... נאָר קיינמאָל זײַנען מיר נאָך ניט געווען אזוי נאָענט צו א רעוואָליוציע, ווי גראָד איצט...

מיט איין מאָל און אזויפיל וויכטיקע געשעענישן... איינע קליינינקײַט: „קאָמיטעט“, „דירעקטיוו“, „אן אלגעמיינער שטרײַק“... „ערעוו א רעוואָליוציע“... אלע ווערטער אזעלכע וויכטיקע, שטרענגע, גרויזאמע, געהיימניספולע און... אזעלכע געגארטע...

דער פאָרשטייער האָט צעטיילט די פּראָקלאמאציעס, ער האָט אָנגעצייכנט די ראיאָנען. טיטאמאָל האָט ער א פרעג געטאָן:

— אײַערע אייגענע דירעס זײַנען ריין?.. אויב מע וועט בא עמעצן געפינען אומלעגאלע ליטעראטור, וועט ער אוועק אין „לאנגן וועג“, ער קאָן אויך דורכווארפן דעם גאנצן איניען. בעסער זאָלן ניט גיין די, וואָס האָבן ניט קיין ריינע דירעס.

מיר האָט געגעבן א זעץ אין הארצן: בא מיר ליגן גראָד אומלעגאלע בראָשורן... וואָס טוט מען? ניט גיין „שנייען“, דאָס קאָן ניט זײַן... איך וועל זיך דאָס אליין קיינמאָל ניט מויכל זײַן. און אז ס׳ האָט זיך א שאָט געטאָן פון אלעמען: „בא מיר איז ריין“, האָב איך אויך געזאָגט, אז בא מיר איז די דירע ריין.

אן אָנגעלאָדענער מיט בלעטלעך בין איך א ווײַלע געשטאנען אין צימער, איך האָב געדארפט ארויסגיין דער לעצטער. מיר זײַנען געבליבן באנאנד מיטן „שווארצן בערלינטשיק“. ער האָט אומגעשפּאנט א פּויילעכער, א לעבעדיקער

איבערנ צימער: ער האָט געוואַרט, עס זאָל אדורכ די צענ — פופצנ מינוט, וואָס ער האָט געדארפט איבערוואַרטנ, ביז דער כאַווער, וואָס איז ארויס פאַר אים, זאָל אינגאַנצנ פארשווינדנ... ער איז געווענ פריילעכ אונ האָט אונטערגעפײַפט.

— אָט איצט וועט זיכ ערשט אָנהייבנ! אָט איצט וועלנ מיר ערשט א לעבנ טאָנ! — ער האָט זיכ אָפּגעשטעלט אנטקעגנ מיר אונ האָט עפּעס ארויסגעזאָגט:

— בעסער צו שטארבנ אינ קאמפ, איידער צו לעבנ אינ פרײַהײַט!

דער געדאנק האָט א בליצ געטאָנ בא מיר אינ קאָפּ. ער איז מיר געוואלדיק געפעלנ געוואָרנ. ער איז געווענ אינ איינקלאנג מיט די שטימונגענ, וואָס האָבנ אונדז אלעמענ דאנ באהערשט. „פאלנ ווי א העלד!.. פאלנ אינ קאמפ!.. איינ קלייניקײַט — פאלנ אינ קאמפ!.. די קומענדיקע דורות וועלנ דערציילנ וועגנ איי- נעם א יונגנ יאט, וואָס איז געפאלנ אפ די באריקאדנ אינ קאמפ מיט דער זעלבסטהערשונג, ווי די געשיכטע דערציילט וועגנ די קליינע קינדער, וואָס האָבנ געקעמפט מיט זייערע עלטערנ אינ דער צײַט פונ דער פאריזער קאָמונע...“

אונ די פאנטאזיע האָט מיכ שוינ געטראָגנ איבער באריקאדנ אונ דעמאָנ- סטראציעס.

דער „שווארצער בערלינטשיק“ האָט שוינ געדארפט אוועקגיינ. ער האָט מיר אויסגעשטרעקט א האנט, א דרייסטע אונ כוואטישע.

— זײַ געזונט! עפשער זעענ מיר זיכ צום לעצטנ מאָל. עפשער וועט אונדז ווו-ניט-איז אינ א ווינקל טרעפנ א קויל פונ דעם סוינע — זאָל ניט ציטערנ דײַנ הארצ. זאָל דאָס לעצטע וואָרט דײַנס זײַנ: — א קלאָלע דער פארפלוכטער אָרדע- נונג! לעבנ זאָל די רעוואָלוציע!

איכ האָב אויכ א ציטער געטאָנ. מיר האָבנ זיכ געקושט.

## 2

מײַנ ראיאָנ איז ווײַט הינטער דער שטאָט, ער איז מיר זייער ווייניק באקאנט, איכ בינ בלויז איינ מאָל דאָרט געווענ.

דאָס איז דער גרעסטער פאבריק-ראיאָנ אינ שטאָט. דאָרט געפינענ זיכ אזעל- כע גרויסע זאוואָדנ, ווי דער באלטישער וואגאָנענ-זאוואָד, וואָס ציילט ביז זיבנ טויזנט ארבעטער, דאָרט געפינט זיכ „פעניקס“ — א וואגאָנענ-זאוואָד, וואָס ציילט פינפ טויזנט ארבעטער.

אָבער אהינ דערקלײַבנ זיכ איז שווער. מע דארפ דורכגיינ קימאט די גאנצע שטאָט.

אנ אָנגעלאָדענער מיט בלעטלעכ, בינ איכ ארויס אפ דער גאס. א טונקעלער הימל מיט א פראָסטיקנ ווינט. איכ קלײַב זיכ דורכ דורכ פארשיידענע קליינע אונ גרעסערע געסלעכ אפנ אלעקסאנדער-בולוואר. די גאסנ זײַנענ פינצטער אונ איינ- זאם, בלויז ווענ-ניט-ווענ לויפט דורכ אנ איינזאמע פיגור, לויפט דורכ אונ פאר- שווינדט הינטער א טויער... די שטענדיקײַט פונ זיי גאסנ אונ די איינזאמע פיגורנ הייבנ אָנ צו ווארפנ אפ מיר אנ אימע. עס הייבט מיכ אָנ פארדריסנ:

דער פאָרשטייער האָט געזאָגט, אז אויב ווער עס האָט בא זיכ ניט קיינ

„ריינע" דירע, זאָל בעסער ניט גיין... פאַרוואָס בין איך געגאַנגען? פאַרוואָס האָב איך געלייגט?.. און וואָס ציטער איך? וואָס האָב איך זיך דערשראָקן? פאַר א שפּיק?.. טויזנטער אַרבעטער אין פּעטערבורג זיינען דערשאָסן געוואָרן, און איך האָב מוירע פאַר א שפּיק... „בעסער צו שטאַרבן אין קאַמף איידער צו לעבן אין פּראַכּהיים". בערלינטשיק איז געווען פריילעך, און איך?.. מיעס, זייער מיעס... מיינע ציטערן קאָן מיך נאָך מער אַרויסגעבן... אַזוי — גיט זיך א יינגל איבער דער גאַס, ווער טראַכט וועגן אים, ווער ווייסט פון אים. אָבער ווי נאָר איך וועל זיך נעמען שרעקן און אַרומקוקן זיך, דאַן וועט מען גלייך באַמערקן: עפּעס ניט קיין פּאָשעט יינגל...

און מיטאַמאָל פליט מיר דורך אין מויעך, ווי א בליץ:

— מיכקע!..

אויב מע וועט מיך אַרעסטירן און מע וועט מאַכן בא מיר אן אונטערזוכונג, וועט מען שוין בעמיילע מיכקען אַרעסטירן. איבער מיר וועט מען אַרעסטירן דעם בעסטן רעוואָליוציאָנער — מיכקע אַבראַמאָוויטש... ניין, דאָס טאָר ניט זיין. איך מוז אַוועקגיין דרייסט, זיכער, ווי בערלינטשיק. ער האָט געזונגען, ער איז געווען פריילעך. יאָ, נאָר אַזוי דאַרף זיין א רעוואָליוציאָנער...

און איך בין אַוועק דרייסטער, זיכערער, איך האָב פאַרטריבן פון זיך די מוירע...

מיכקע איז געווען א בערשטער. ער איז געווען זייער א לעבעדיקער, א פריילעכער, האָט שטענדיק געזונגען אַזוי האַרציק און שיין. ער האָט געזונגען אָן א שיר רעוואָליוציאָנערע לידער, וואָס איך האָב געהערט נאָר פון אים אַליין. איך בין כּמעט, אַז די לידער און די מוזיק צו זיי האָט ער אַליין כּאַרפּאַסט. ער האָט געהאַט א באַזונדערע פייקייט צו דערציילן מייסעס. די מייסעס פלעגן בא אים אַרויסקומען אַזוי לעבעדיק, אַז מע האָט די געשעעניש מאַמעש געזען פאַר די אויגן. באַזונדערס האָט ער ליב געהאַט צו דערציילן מייסעס פון דער פּאַריזער קאָמונע. דאָ פלעגט זיין פאַנטאַזיע אַזוי צושמידן דעם צוהערער, אַז עס איז אוממעגלעך געווען אָפּצורייסן זיך פון אים. אַז איך האָב שפּעטער געלייענט וועגן דער פּאַריזער קאָמונע, האָב איך אין קיין בוך אַזעלכע מייסעס ניט באַגעגנט. מיכקע האָט זיי בעפּירעש אויסגעטראַכט. סיי די לידער, סיי די דערציילונגען זיינען אָן סאָפעק געווען זיינע אייגענע שאַפונגען.

מיט דעם דאָזיקן מיכקען האָב איך געוווינט אין שכיינעס. איך האָב אים זייער ליב געהאַט פאַר זיין פּאָשעטקייט, פאַר זיין כאַווערישן באַגיין זיך מיט מיר, ניט געקוקט דערויף, וואָס איך בין נאָך דאַן געווען גאָר א יונגער יאַט. וועגן אים האָט מען בא אונדז אין דער „קאָמונע" ניט איין אויסטערלישע מייסע דער-ציילט. ער פלעגט קונציק איינאָרדענען קאָנספּיראַטיווע דירעס און אָפּהיטן זיי פון א בייז פּאָליציייש אויג. ער האָט ניט איין מאָל געראַטעוועט אַרבעטער-פאַרזאַמ-לונגען פון א דורכפאַל, בלויז אַדאַנק זיין געשיקטקייט... פאַר מיר איז מיכקע געווען דער אידעאַל פון א רעוואָליוציאָנער...

און אָט דער דאָזיקער מיכקע איז געווען אין געפאַר אַרעסטירט צו ווערן איבער מיין ניט פאָרזיכטיקייט. ערשט איצט האָב איך פאַרשטאַנען, ווי ניט ריכ-

טיק איך האָב געטאָן, וואָס איך האָב געלייקנט, און געזאָגט, אז מײַן דירע איז א ריינע. מע טאָר אזוי קיינמאָל ניט טאָן. פון דער פארטיי טאָר מען קיין זאַך ניט לייקענען.

דער אלעקסאנדער-בולוואר איז פארגאָסן מיט ליכט און איז געפאקט מיט מענטשן. און אין דעם טומל האָב איך זיך דערפילט זיכערער: ווער וועט מיך אָט דאָ באמערקן? אלנפאלס, איז דאָ זייער גרינג צו אנטלויפן, אין פאל אויב איך וועל באמערקן, אז מע שפירט מיר נאָך.

איך בין שוין געגאנגען פיל לעבעדיקער, פיל דרייסטער. ערשט איצט האָב איך דערפילט, ווי גוט עס איז צו פאלן אין קאמף! אָבער אין דער זעלבער צײַט האָט זיך מיר גראָד איצט געוואָלט דורכפירן ביזן סאָף מײַן אויפגאבע, מע זאָל מיך ניט ארעסטירן: געווען אין אזא געפאר און ארויס טרוקן.

איך בין געגאנגען איבער די הויפן פון פאבריק-קווארטאל און האָב געשנייט. אָט איז שוין דאָס לעצטע הויז. איך גיב אָפּ א גאנץ גרויסע צאָל פראָקלאמא-ציעס. עטלעכע פראָקלאמאציעס וואַרף איך אריין אין א בירהאלע, ווו עס זײַנען געזעסן עטלעכע ארבעטער. אפן ווינקל איז געשטאנען א גאָראָדאָוואָי, און מיר האָט זיך געוואָלט אים אונטער דער נאָז אָפּטאָן א שפיצל.

עס איז שוין געווען אזייגער צען אין אָוונט, ווען איך בין געגאנגען אהיים. איצט האָב איך שוין די ארבעט דורכגעפירט. איצט בין איך שוין זיכער, אז מיכקען וועט מען איבער מיר ניט ארעסטירן. איך בין ניט געגאנגען, נאָר עס האָט מיך געטראָגן אינדערלופטן. און וואָס מערער איך האָב זיך דערנענטערט צו דער היים, איז אלץ גרעסער געוואָרן מײַן סימכע. באלד וועל איך קומען אין מײַן „קאָמונע". איך וועל טרעפן מיכקען און וועל אים אלץ דערציילן, אפילע דאָס, אז איך האָב מוירע געהאט, וועל איך אים אויך דערציילן. יאָ, מיכקען וועל איך דערציילן! מיכקע! אין דעם מאָמענט האָב איך אים באזונדערס ליב געהאט. איך האָב זיך דערמאָנט ווי מיכקע האָט מיך געלערנט צו זײַן א קעמ-פער, ווי ער האָט מיט מיר שטודירט די קונסט פון קאָנספיראציע, ווי ער האָט מיך דערצויגן אינעם גײַסט פון אן אנדער מענטש, אזא, וועלכער זאָל ווערט זײַן דעם נאָמען סאָציאליסט. „דאָס דארף זײַן גאָר א באזונדער סאָרט מענטשן — פלעגט ער זאָגן — א מענטש, וואָס זאָל זײַן פול מיט ליבע און פול מיט האס: מיט ליבע צום פאָלקס-מענטש, צו דעם, וועלכער איז אונטערדריקט, וועלכער איז גע-פענטעט... און מיט האס צו אלע די, וואָס אונטערדריקן, וועלכע לאָזן א קאָפּ ניט אופהייבן, וועלכע לעבן, ווי שפינען, פון יענעמס בלוט און שווייס... אָט די דארף מען האסן אָן א גרענעץ, פאר אָט די איז קיין שום בארעכטיקונג ניטאָ. זיי דארף מען צעקוועטשן, ווי מע צעקוועטשט א שפין, א וואנץ, אָן קיין שום ראכמאָנעס".

יעדעס מאָל נאָך אזא געשפרעך מיט מיכקען, פלעג איך שלאָגלאנג אומגיין און טראכטן וועגן דעם, וואָס פאר א מענטש איך דארף זײַן. איך האָב אין אזעלכע מאָמענטן געפילט א באזונדער פאראנטוואָרטלעכקייט פאר יעדער פארטיי-שער ארבעט. „א סאָציאליסט איז גאָר אן אנדער סאָרט מענטשן" — האָב איך גע-טראכט — און מע דארף אויסקעמפן אין זיך אָט דעם סאָרט מענטש...

אז איכ בינ געקומענ אהײמ, איז אתדזער „קאָמתע״ שוינ געווענ פול, נאָר אײנער האָט געפעלט. עס האָט געפעלט מיכקע. ער האָט אָנגעזאָגט, מע זאָל רײנ מאכנ בא אתדז אינ אלע ווינקעלעכ — עס קלײַבנ זיכ „געסט״ צו אונדז, ער ווײס קומענ זײַנ שפּעט, אָדער עפּשער ווײס ער גאָרניט קומענ.

איכ בינ געבליבנ. אנ עלנטער צווישנ דעמ גאַנצנ אוילעמ. מע האָט א סאכ גערעדט וועגנ די געשעענישנ אינ פּעטערבורג, וועגנ דעמ, אז אויכ בא אונדז גרײטנ זיכ די ארבעטער צו פּראָטעסטירנ קעגנ דער בלוט-באָד... איכ האָב דאָס אלצ געוווסט, דאָס אלצ איז זײער אינטערעסאנט, אָבער... מיכקע איז ניטאָ... אונ ווער ווײסט, ווו ער איז, צי ווײס מיט אימ עפּעס ניט טרעפנ?..

א מידער פונ אזא „גרויסנ טאָג״ אונ א באומרויִקטער דערפונ, וואָס מיכקע איז ניטאָ, האָב איכ זיכ ארײַנגעוואָרפנ אינ בעט אונ בינ באלד אײַנגעשלאָפנ.

## 3

אנ אויסגעשטערנטער הימל. א שטילער פראָסט. עס קלינגענ קײַנ. מײַנע הענט זײַנענ געשמידט. אײנ האנט איז צוגעשמידט צו מיכקעס. מיר גײענ אײנער לעבנ אנדערנ אונ שטילערהײט דריקנ מיר אײנער דעמ צווײטנ די הענט. מיר זײַנענ פרײלעכ. מיר גײענ מיט הילכיקע טריט אינ „לאנגנ וועג״... מיר זײַנענ בײדע פארמישפּעט אפ קאטאָרגע. מיטאמאָל האָט דער זשאנדארמ, וואָס באגלײט אונדז, א ר[illegible]דעווע געטאָנ: — „סמירנאָ!״ אלע האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט, נאָר אײנ מיכקע, אונ נאָ[illegible] אימ איכ, גײענ פאָרויס. מיר שטעלנ זיכ ניט אָפּ. דער זשאנדארמ שרײַט: „שטיל! איכ שיס!״ נאָר מיר גײענ פאָרויס. מיכקע האָט א קער געטאָנ דעמ קאָפּ אונ האָט אויסגעשריִענ: „בעסער צו שטארבנ אינ קאמפּ אײדער צו לעבנ אינ פרײַהײַט!״ אינ דער מינוט האָט א ציטער געטאָנ די לופט. א קויל האָט א פײַפ געטאָנ, אונ מיכקע...

איכ האָב זיכ אויפגעכאפּט.

איכ טו זיכ א זעצ אינ בעט אונ בלײַב אזוי זיצנ געפּלעפט. מיכקע איז ניטאָ. מיכקענ האָט מענ געשאָסנ...

איכ לויפ צו צומ פענצטערל אונ קוק ארויס אינ הויפ. א רײנער הימל מיט בלאסע שטערנ אונ א מאָדנע טרויעריקע שטילקײַט.

א קלאפּ אינ טיר.

אנ אונטערזוכונג! עס טוט א טיאָכקע אינ הארצנ. מיכקע! מע האָט אימ ארעסטירט, אונ איצט גײט מענ מאכנ בא אימ אנ אונטערזוכונג. אָדער עפּשער איז נאָכ מיר נאָכגעגאנגענ א שפּיק, ווענ איכ האָב „צעשנײטנ״ די בלעטלעכ, אונ האָט אויסגעשפּירט מײַנ דירע, אונ איצט איז מענ געקומענ מיכ ארעסטירנ? אונ מיטאמאָל חער איכ אָנגעשטרענגט-קאלט. מיכקענ האָט מענ ארעסטירט, דארפ איכ אויכ ארעסטירט ווערנ. ווענ איכ וויל זײַנ א מיטגליד פונ פּארטײ, דארפ איכ וויסנ דעמ טאמ פונ טפיסע. רויִק נעמ איכ אופ דעמ פּריסטאוו מיט די זשאנדארמענ. איכ שטײ מיט א קאלט שטײנערנ פּאָנעמ אנטקעגנ זײ, די הענט אינ די קעשענעס אונ ענטפער קורצ.

נאַכ א קלאפ א שטארקערער—אונ עס הערט זיכ אפ יידיש:

— עפנט, עפנט אופ.

איכ דערקענ מיכקעס קאָל. אינ איינ סעקונדע ביג איכ בא דער טיר.

— מיכקע!

— וואָס איז, עס איז עפעס געשענ? פארוואָס ביסטו אָנגעטאָנ?

— ניינ, עס האָט גאָרניט געטראָפנ. איכ האָב ניט געקאָנט שלאָפנ. מיר האָט זיכ געכאָלעמט, אז...

— וואָס?

— אז מע האָט אײַכ געשאָסנ.

ער האָט זיכ ברייט אונ פריילעכ צעלאכט.

— ווּעסטו מיכ פארבײַטנ!..— אונ ער האָט מ כ ארומגענומענ. מיר זײַנענ ארײַנ אינ צימער.

— טראכט ניט וועגנ טויט. אונ זאָל דיכ ניט פארדריסנ, ווענ איכ וועל ווו-עס-איז דערהארגעט ווערנ. זאָל מײַנ טויט וועקנ אינ דיר נאָר איינ געפיל — א שטארק געפיל פונ נעקאָמע צו די מערדער. אייביק ניט בארויקנ זיכ, ניט אוועקלייגנ דאָס געווער, ביז וואנענ די ענדגילטיקע באפרײַונג וועט ניט קומענ.

— בעסער צו שטארבנ אינ קאמפ, איידער צו לעבנ אינ פרײַהײַט, — האָב איכ מיטאמאָל אויסגעשאָסנ.

— ווי האָסטו געזאָגט?

איכ האָב איבערגעכאזערט בערלינטשיקס געדאנק, וואָס איז מיר אזוי שטארק געווענ צום הארצנ.

— וואָס פאר א כאָכעם האָט עס דיר געזאָגט? אָדער עפשער האָסטו זיכ אליינ דערטראכט צו אזא סייכל?

איכ האָב אראָפגעלאָזט די אויגנ. „איז דאָס דענ ניט ריכטיק?“ — האָב איכ א טראכט געטאָנ.

— דאָס האָט הײַנט איינער א כאווער אונדזערער געזאָגט... דער „שווארצער בערלינטשיק“. מיר דוכט, אז דאָס איז א ריכטיקער געדאנק...

— דאָס איז א פראזע, א געצאצקעטע פראזע אונ ניט מער. איכ וויל קיינ נעוויִעס ניט זאָגנ — אָבער מיר דוכט, אז דײַנ דאָזיקער כאווער וועט אינ קאמפ ניט שטארבנ, אונ אויב ער וועט דערלעבנ די פרײַהײַט, וועט ער זיכ אויסגעצייכנט אײַנאָרדענענ אונ ער וועט זיכ באלד אָפּקילנ, דײַנ כאווער, ווײַל ער פארשטײט ניט דעם טאָכ. דער טאָכ איז בא אונדז די פרײַהײַט. דערפאר קעמפנ מיר פאר דער פרײַהײַט, אפילע דאנ, ווענ זי וועט קימענ ניט פאר אונדז, נאָר פאר אונדזערע קינדער אונ קינדס-קינדער. מיר וויסנ, אז קיינ שום פרײַהײַט גיט זיכ נים אָנ קאָרבאָנעס... אָבער דער ציל אונדזערער איז לעבנ אינ פרײַהײַט. אונ אָנ פרײַהײַט איז בעסער ניט צו לעבנ. אונ טאקע דעריבער זײַנענ מיר גרייט אָפּצוגעבנ אונדזער לעבנ פאר איר.

— אָט איז אפ הײַנט פיר אזייגער באטאָג, — האָט ער נאָכ א ווײַלע שווײַגנ געזאָגט, — באשטימט געוואָרנ אנ אלגעמיינער שטרײַק אונ א דעמאָנסטראציע. עס קאָנ זײַנ, אז איכ וועל ווו-עס-איז אינ א ווינקעלע דערשאָסנ ווערנ. ווייס ניט,

זײַ ניט אומעטיק. איך בין זיכער, אז איך וועל שטאַרבן רויִק. ווײַל ווער וועט קעמפן פאר אונדזער פרײַהײַט, אויב ניט מיר אליין? הער זיך ווייניקער צו דײַנע ייִנגלעך און טראַכט זיך בעסער אַרײַן אין דעם, וואָס דו הערסט.

מיר האָבן זיך געזעצט טרינקען טיי. עס איז געווען א פאַרטאָג פון יענע פאַרטאָגן, וואָס פאַרגעדענקען זיך אויפן גאַנצן לעבן.

## 4

עס איז אָנגעקומען דער היסטאָרישער טאָג.

צו עלף אזייגער בין איך געווען אין גאַס. די גאַס איז אויפגעשרויפט און אָנגעשטרענגט.

אין גאַס דערהערן מיר — עפּעס טוט זיך אין פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. מיר — איך און עטלעכע כאַווײרים פון אונדזער קרײַז, צווישן זיי אויך דער „שוואַרצער בערלינטשיק“, — לויפן צום פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, דאָרט דערוויסן מיר זיך: די סטודענטן האָבן זיך פאַרקליבן אין אינסטיטוט. דאָרט קומט פאָר א גרויסער מיטינג. מע מוז זיך אַרײַנכאַפּן אַהין. מיר לויפן אום, דרייען זיך אַהין און אַהער. די גאַסן זײַנען פאַרפּולט מיט פּאָליציי, ווו-ניט-ווו ווײַזן זיך קאַזאַקן. זיי זײַנען סומנע-בייז. זייערע געקרײַזלטע קוטשמעס און גאַזלאָנישע פּענעמער וואַרפן אָן אַן אימע. נאָר מיר קוקן אויף קיינעם ניט — מיר האָבן הײַנט פאַר קיינעם קיין מוירע ניט. מיט אימפּעט, קינדיש-צעפּלאַמט לויפן מיר צום פּאָליטעכנישן אינסטיטוט. צוגיין אָבער צו אים קאָן מען שוין ניט. ער איז פון אלע זײַטן אַרומגערינגלט מיט סאָלדאַטן און פּאָליציי. איך בין אויף די אַלייען אַנטקעגן אינסטיטוט. לעבן מיר איז דער „שוואַרצער בערלינטשיק“. זײַן קליין, דאַר און שוואַרץ פּענעמל איז אָנגעשטרענגט. די אויגן ברענען. די ברילן זײַנען טאַנצן אום אויף זײַן דאַר נעזל.

— נו, מירן זיך דורכשטופּן אַהין?

— דו זעסט דאָך, אז מע קאָן ניט, אָט איז דער אָפיצער, אָט זײַנען סאָלדאַטן.

— און מיר וועלן גיין, זאָלן זיי פּרוּוון שטעכן מיט באַגנעטן! דאָס וועט אַרויסרופן נאָך מער צאָרן פון דעם עולם...

— בעסער שטאַרבן אין קאַמף, איידער לעבן אין פרײַהײַט? — האָב איך אַרויסגערעדט איראָניש...

— אַוודאי!

— דו האָסט גוט באַטראַכט, וואָס דו האָסט געזאָגט? — האָב איך אים געענטפערט, פּרוּוונדיק זײַן אַזוי באַלערנדיק, ווי מיכקע. נאָר דאָ האָט אונדז עמעצער א שטויס געטאָן, און מיר האָבן זיך צעשיידט.

דער אָפיצער, וואָס גייט אַרום א בייזער, אַן אָנגעצונדענער, איז צוגעלאָפן צום פּריסטאַוו און האָט אים עפּעס שטיל געזאָגט. באַלד דערוויסט מען זיך אין עולם, אז די סטודענטן האָט מען געגעבן צען מינוט צײַט. מע האָט זיי געשטעלט אַן אולטימאַטום: פאַנאַנדערגיין זיך, אויב ניט, שיסט מען.

דער פּריסטאַוו מיטן אָפיצער לויפן צו צום אוילעם און פאָדערן פאַנאַנדער־גיין זיך, נאָר דער אוילעם רירט זיך ניט פון אָרט.

— איך גיב א סיגנאַל! — שרײַט אויס דער אָפיצער. א שטיל־שווײַגעניש. קיינער רירט זיך ניט פון אָרט, נאָר אלעמענס פּענעמער ווערן אָנגעשטרענגט און אנטשלאָסן. איין סעקונדע איז שטיל, ווי אלע וואָלטן פאַרטײַעט דעם אָטעם. מיטאַמאָל האָט זיך איבערן אוילעם דורכגעטראָגן א דונערנדיקע שטים:

— כאַוויירים סאָלדאַטן!

איך טו זיך א קער — מיכקע. ער איז בלאַס, פון אונטער זײַן באַראַשקן היטל זײַנען אַרויסגעקראָכן צווײ דינע שוואַרצע לאָקן האָר — זײַנע אויגן פינקלען מיט צאָרן און אנטשלאָסנקײַט.

— כאַוויירים סאָלדאַטן! איר וועט ניט שיסן אין אײַערע אייגענע ברידער! די אַרבעטער זײַנען אײַערע ברידער, זיי ווילן איבערגעבן די ערד אײַערע טאַטעס, זיי ווילן פאַרטרײַבן די פּריצים פון די דערפער, שיסט ניט אין אײַערע ברידער!

דער אָפיצער איז צוגעלאָפן צו מיכקען.

— הער אויף, איך שיס!

א בלאַס פּאָנעם און א קאַלטער שטאָלענער בליק.

— אָט דער אָפיצער, אליין א זון פון א פּאָרעץ, הייסט אײַך דאָ שיסן אין די אַרבעטער, אין די סטודענטן. און דאָרטן, אין אײַערע דערפער, הייסט אָט דער זעלבער אָפיצער צעשיסן אײַערע טאַטעס דערפאַר, וואָס זיי ווילן א שטיקעלע ערד.

א סיגנאַל. די סאָלדאַטן שטרענגען זיך אָן. א צווייטער סיגנאַל — און די סאָלדאַטן נעמען די ביקסן „נאַ איזגאָטאָווקו". א שטומער ציטער. און מיטאַמאָל שנײַדט דורך די לופט דער מעכטיקער ניגון פונעם „אינטערנאַציאָנאַל". דאָס האָבן די סטודענטן געענטפערט אפן אולטימאַטום. די גאַס, די גאַנצע וואַנט מענטשן, וואָס האָבן אַרומגערינגלט דעם אינסטיטוט, האָט אויך געענטפערט מיט א מעכטיק געזאַנג.

ווי פאַרסאַמטע מײַז זײַנען אומגעלאָפן הין־און־הער דער פּריסטאַוו מיטן אָפיצער. זיי האָבן געדראָעט מיט רעוואָלווערן, געפאָדערט, מע זאָל ווערן שטיל. קיינער האָט זיי ניט געהערט, דער ניגון פונעם „אינטערנאַציאָנאַל" האָט זיך אלץ מעכטיקער און מעכטיקער געטראָגן איבער די קעפּ.

דער אָפיצער איז צוגעפלויגן צו די סאָלדאַטן און האָט א קאָמאַנדעווע געטאָן:

— שיס!

א דונער פון שאָסן — און די מאַסע האָט א ציטער געטאָן. פון א זײַטיקער גאַס האָט זיך, ווי א בייזער ווירבער, א לאָז געטאָן א מייע קאַזאַקן גלײַך אפן אוילעם. עס איז געוואָרן א גוואַלדיקע צעמישעניש. די טיר פון אינסטיטוט האָט זיך צעפּראַלט, און פון דאָרט האָט אַרויסגעשפּאַרט א גרויסער אוילעם סטודענטן. איבער די קעפּ האָט געפלאַטערט א רויטע פאָן.

איך בין מיטן גאַנצן אוילעם אָפּגעשטויסן געוואָרן צום פּאַרק.

איך האָב זיך אַרופגעקליבן אפ א בוים. פונוואַנען זע איך — א ווילדע צע־

מישעניש פון אוילעם מיט קאזאקן, מיט סאָלדאטן. אינדערלויפּטע פליִען שווערדן, ביקסן, שטיינער, פלעקער.

איך זיץ אַפן בוים און קריץ מיט די ציין, עס ווילט זיך לויפן אַהין צו אַלעמען, אין אָט דעם קאָכיקן קעסל, אַרייַנרײַסן זיך אינעם ווילדן האַמויִן קאָזאַקן, אויסרײַסן מיט די נעגל זייערע אויגן, בײַסן זיי מיט די ציין, שלאָגן מיט די שטיוול אין בויך, אין האַרצן, ווו נאָר עס וועט טרעפן, אַבי אויסגיסן דעם פלאַמיקן צאָרן פאַר דער שווידערלעכער האַריגע.

5

עס דערנעענטערט זיך די געגאַרטע שאָ. אַפ פיר אַזייגער איז באַשטימט געוואָרן די דעמאָנסטראַציע.

אָן אַן אָטעם לויף איך אַרויף־צו אַפ מאָסקווער גאַס. איך דערוויס זיך, אַז פון באַלטישן וואַגאָנען־זאַוואָד האָט די דעמאָנסטראַציע אַ קער געטאָן איבער די ליניעס, און פון דאָרט וועט זי צוגיין גלײַך צו קוזניעצאָווס פאַבריק.

איך בין אַרויף אַפן „רויטן בערגל״.

דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבן זע איך אַזאַ גראַנדיִעז בילד. געשלאָסענע רייען פון יאָנטעוודיק־געקליידטע אַרבעטער מיט רויטע פאָנען מאַרשירן איבער די גאַסן פראַנק־און־פרײַ. אין די טריט און אַפ די פּענעמער — אַ שטאָלענע אַנטשלאָסנקײַט.

— אַהערצו קום!

איך טו אַ קוק — מיט אַ רויטער פאָן אין דער האַנט שטייט מיכקע. איך לויף צו צו אים.

— סט'ניט מוידע צו גיין מיט מיר?

— ניין! — האָב איך אַנטשלאָסן געענטפערט.

די טויערן פון דער קוזניעצאָווקע זײַנען פאַרשלאָסן. אַהינצו איז אַוועק אַ דעפּוטאַציע פון די דעמאָנסטראַנטן פירן אונטערהאַנדלונגען מיט די אַרבעטער, זיי זאָלן צושטיין צו דער דעמאָנסטראַציע. די שטימונג איז אַן אָנגעשטרענגטע. אַלע וואַרטן מיט אומגעדולד.

מיטאַמאָל גיבן זיך אַ פּראַל אוף די טויערן פון דער קוזניעצאָווקע, אַ קאָלאָסאַלע מאַסע האָט אַ שפּאַר געטאָן און זיך אַ שאָט געטאָן צו דער דעמאָנסטראַציע. אַ הילכיקער הורא־געשריי האָט צעטרייסלט די לופט.

די דעמאָנסטראַציע האָט זיך אַ ריר געטאָן.

מיר הייבן זיך אָן דערנעענטערן צו דער שטאָט. די גאַסן — ווי אויסגעשטאָרבענע, די קראָמען — פאַרמאַכט. די באַלעבעסלעך און קרעמערלעך האָבן זיך פאַרשטעקט אין זייערע הײַזער און קוקן אַרויס דורך שטיקלעך אָפּגעבויגענע פאָרהענגלעך.

אַפ די טראָטואַרן — אַ גראַנדיִעזער אוילעם. די קאָלאָנע וואַקסט.

מיר זײַנען שוין האַרט בײַ דער שטאָט. מיר דאַרפן דורכגיין אונטער דער בריק, דערנאָך אַ פּאָר קליינע געסלעך — און מיר זײַנען אין צענטער.



ער טוט זיכ א יואָקל... וויל זיכ כאפנ פאר מיר...

נאָר אָט — מע ווייסט ניט פונוואנען די יעדיִע האָט זיך גענומען — עס גייט א קלאנג, אז אונטערן בריק שטייען סאָלדאטן מיט ביקסן.

דער אוילעם האָט א ציטער געטאָן. די צופעליקע מיטלויפער האָבן זיך גע-נומען אָפּרוקן אָן א זייט אוּן זייערע אוועק אפ די טראָטוארן. עס איז געוואָרן א שטיקל צערודערונג. די דעמאָנסטראציע האָט א ציטער געטאָן.

— האלט די פאָן! — מיכקע האָט זיך א קער געטאָן און איבערגעגעבן מיר די פאָן. א פינטל מיטן אויג — און ער איז שוין איבער די קעפּ פון דער מאסע.

— פאכדאָנים! — האָט א ברום געטאָן זיין שטים. — ווער האָט אייך געבעטן, איר זאָלט גיין מיט אונדז! גייט צו אייערע טאטעס און מאמעס! גייט אין איי-ערע קראָמען! שטערט ניט דער גאנצקייט פון אונדזער דעמאָנסטראציע. — און ווענדנדיק זיך צו די ארבעטער, האָט ער א געשריי געטאָן: — כאווירים! דאָס בלוט פון אונדזערע דערשאָסענע ברידער אין פעטערבורג שרייט און רופט צום פּראָטעסט. נידער מיט די פאכדאָנים! פאָרויס! — ער האָט א נעם געטאָן די פאָן און האָט א פעסטן שפאן געטאָן פאָרויס.

מיטאמאָל — טראכ, טראכ, טראכ...

א זאלפ — און א דונערדיקע שטים האָט א געשריי געטאָן:

— לייגט זיך!

פלינק נעמט מיכקע פאנאנדער די שטעקעלעך פון דער פאָן, טוט א פראל די פּאָלעס פון זיין מארינארקע און טוט א לייג די פאָן צום הארצן. ער באַ-ווייזט נאָר אײַן קנעפל פון דער מארינארקע פארשפיליען און — א-א-א-א!..

ער טוט זיך א וואקל... וויל זיך כאפּן פאר מיר, נאָר א שטראָם מענטשן ווארפט אונדז אום.

א פינצטערניש האָט א שווינדל געטאָן אין מיינע אויגן. א פּאָר זעצן מיט שטיוול-קנאפל איבערן קאָפּ, אין בויך, א שארפער שניט איבער די פיס...

מיט דער הילף פון עטלעכע כאווירים האָט זיך איינגעגעבן ארופליגן מיכ-קען אפ א פאיעטאָן, און איך האָב אים אָפּגעפירט אהיים.

א נאכט אין פיבער... איך בין געזעסן לעבן מיין כאווער, לעבן מיין פריינט... ער איז מיר איצט טייערער געווען ווי אלע און אלץ אין דער וועלט. איך האָב געזען, ווי ער גייט אויס, ווי זיינע לעצטע קויכעס פארלאָזן אים...

פינף אזייגער פארטאָג דעם פערצנטן יאנוואר פון 1905 יאָר איז מיכקע אויסגעגאנגען.

איך בין געשטאנען לעבן אים און געקוקט אפ זיין בלאס פּאָנעם. אין האלדז האָט געשטיקט, נאָר וויינען האָב איך ניט געקאָנט. עס האָט זיך מיר אויסגע-דוכט אזוי קליין דאָס וויינען. ניט וויינען, נאָר שרייען האָט זיך געוואָלט, שריי-ען הויך, אז צעציטערט זאָל ווערן די אלטע פארפלוכטע וועלט.

פאר דער דאָזיקער נאכט בין איך א סאך עלטער געוואָרן. צום ערשטן מאָל איז פאר מיר אין די אויגן דער וועג צו דער רעוואָליוציע באצייכנט געוואָרן מיט בלוט, מיט בלוט פון מיין בעסטן כאווער און ברודער.

---

# מיר האָבנ געקײַכט פאר געלעכטער

דער אָרטיקער קאָמיטעט פונ דער פארטיי-אָרגאניזאציע האָט באשלאָסנ צונױפרופנ א זיצונג װעגנ זײער װיכטיקע איניאָנים. אינ שטאָט האָט זיכ געגרײט א שטרײַק. די צײַט איז געװענ א שװערע, די ערשטע רעװאָליוציע איז געװענ דערשטיקט. די פארטיי-אָרגאניזאציעס זײַנענ צעשטערט געװאָרנ דורכ דער זשאנדארמעריע. א טײל מיטגלידער, װאָס האָבנ זיכ צוגעשמירט צו דער פארטיי, װענ די רעװאָליוציאָנערע באװעגונג איז געװענ אפ דער העכסטער שטופע, איז איצט אָפגעפאלנ. אָט די בורזשואזע אינטעליגענטלעכ האָבנ איצט געשפיגנ אפ דער רעװאָליוציע, זײ האָבנ אױסגעלאכט יעדנ, װאָס האָט נאָכ אינ זינענ געהאט די רעװאָליוציאָנערע באװעגונג, װאָס האָט נאָר געהאט די מינדסטע שײַכעס צו איר.

עס איז געװענ שװער צו אָטעמענ. מענטשנ, מיט װעלכע מע איז נאָכ נעכטנ געזעסנ בא אײנ טיש אפ א זיצונג װעגנ פאדשיידענע פארטיי-איניאָנים, זײַנענ הײַנט געװענ פרעמד, װײַט פונ דיר. גאנצ אָפט פלעגט זיכ ניט װעלנ ארױסגײנ אפ דער גאס, ניט טרעפנ זיכ מיט קײנעם, ניט זענ, װי מענטשנ װערנ צעלײגט...

אינ דער פארטיי-אָרגאניזאציע זײַנענ געבליבנ װײניק אָנפירנדיקע קױכעס. דעם דריטנ באשטאנד פונ קאָמיטעט האָט מענ גאָר ניט לאנג ארעסטירט, אונ מיר זײַנענ געבליבנ בלױז עטלעכע מענטשנ, אפ װעמעס פלײצעס עס האָט זיכ געלײגט די שװערע ארבעט — ניט לאָזנ אױסלעשנ דעם לעצטנ פונק, פונ װעלכנ מיר װעלנ אינ מער גינסטיקע צײַטנ, װעלכע װעלנ גיכ אָנקומענ, צעבלאָזנ א פלאם.

פראגנ זײַנענ געװענ א סאכ. מע האָט די ערשטע זאכ געדארפט צעשטײענ דעם קאָשמאר פונ אומגלױבנ, װאָס איז געהאנגענ איבער די מענטשנ, אונ דאָס האָט מענ געקאָנט טאָנ בלױז מיט מײַסים: א גוט אָרגאניזירטנ שטרײַק, װאָס זאָל ארומכאפנ די גרעסטע אונטערנעמונגענ פונ שטאָט אונ װאָס זאָל געבנ פילנ די מאכטהאָבער, אז מיר לעבנ, אז דעם פראָלעטאריאט דערשטיקנ איז אומעגלעכ, צװײטנס, האָט מענ געמוזט ענטפערנ מיט א שארפ אונ איבערצײַגנדיק װאָרט די מענטשעלעכ, װאָס האָבנ איצט געשפיגנ אפ דער רעװאָליוציע, װאָס האָבנ זי אָפגעװאָרפנ אונ זײַנענ פארזונקענ געװאָרנ אינ גאָט-זוכערײַ אונ אינ שיקרעס. ניט צוליב זײ האָט מענ דאָס גערדארפט טאָנ. זײ האָבנ פאר דער רעװאָליוציע קײנמאָל קײנ באדײַטונג ניט געהאט, אונ איצט זײַנענ זײ געװענ די סאמע גרעסטע

רעאקציאָנערן, און קיין שום פארלאנג זיי איבערצוציִען אף אונדזער זײַט איז בא
קיינעם פון אונדז ניט געווען. אָבער גראָד דערפאר, וואָס זיי האָבן אמאָל אין
דער רעוואָליוציאָנערער באוועגונג עפּעס יאָ געטומלט, האָבן זיי איצט געקאָנט האָבן א
גרעסערע ווירקונג אף מענטשן שוואכע, אף מענטשן רויִק. און דערהויפּט אף דער יוגנט.
מע האָט אונדז אָנגעזאָגט, אז די זיצונג פון קאָמיטעט וועט זײַן נײַן אזיי-
גער אין אָוונט. אף דער זיצונג האָבן געדארפט זײַן דרײַ מיטגלידער פון קאָמי-
טעט און צוויי פאָרשטייער פון די ארבעטער, וואָס האָבן זיך געגרייט צום שטרײַק.
געבליבן איז בא אונדז איין דירע, א מער זיכערע, ווו עס פלעגט זיך פאר-
זאמלען דער קאָמיטעט. דאָס איז געווען א דירע פון אן אינזשעניער, זייער אן
אָנגעזעענעם בורזשואזן קלאלסובער. אונדזערער א כאווער, א סטודענט פון לעצטן
קורס פון פּאָליטעכנישן אינסטיטוט, האָט געלערנט דעם אינזשעניערס קינדער און
האָט דאָרט געוווינט. אָט בא אים טאקע פלעגן מיר זיך צונויפקלײַבן.
עס איז גאנץ פארשטענדלעך, אז מיר האָבן געציטערט איבער דער איינצי-
קער זיכערער דירע, און יעדערער פון אונדז איז מיט א באזונדער פאָרזיכטיקייט
געגאנגען אף דער זיצונג.

עס איז געווען א פינצטערע רעגנדיקע נאכט. א שטורעם-ווינט האָט זיך גע-
טראָגן איבער דער שטאָט, האָט געריסן די דעכער, די בלעכענע טרויבן פון די
מויערן, די שילדן פון די קראָמען. דער הימל איז געווען שווארץ, ווי שווארץ
עס איז געווען די נאכט. בלויז ווען-ניט-ווען פלעגט זיך אף א סעקונדע אָנצינדן
דער האָריזאָנט און באלד פלעגט די פינצטערניש א ציטער טאָן, א צעשניטענע
אף העלפט. די גאסן זײַנען געווען ליידיק. אין זעלטן ווען פלעגט דורכלויפן אן
אײַנגעהויקערטער און אײַנגעדרייטער מענטש און פלעגט אײַלנדיק פארשווינדן אין
עפּעס א קאָרידאָר.
קעדיי ניט אלע זאָלן קומען מיטאמאָל—אף דער דירע און דורך דעם וואָרפן
אף איר א כשאָד, האָט יעדער פון אונדז געהאט זײַן באשטימטע שאָ. איך
האָב געדארפט קומען צו אכט אזייגער אין אָוונט. אזייגער זיבן בין איך ארויס
פון שטוב. איך האָב זיך ארומגעקוקט, און, ניט זעענדיק קיין לעבעדיקן מענטשן,
בין איך אוועק אין דער ריכטונג צו דער אומלעגאלער דירע. אָבער גיין דירעקט
אהין האָט ניט געטויגט. אויב עמעצער פון די שפּיקעס שפּירט מיר נאָך, וועט
ער צוזאמען מיט מיר קומען צו דער פארקאָנספּירירטער דירע, און זי וועט דורכ-
פאלן. איך בין געגאנגען איבער פארשיידענע געסלעך, בין ניט איין מאָל פאר-
גאנגען אין עפּעס א טויער, אָפּגעווארט דאָרט א ווײַלע און, שטילערהייט ארום-
קוקנדיק זיך, אוועק ווײַטער. יעדער פון אונדז האָט גוט געקאָנט די שטאָט, גע-
וווּסט, ווו עס געפינען זיך דורכגאנגס-הויפן, וואָס פירן גאָר אין אנדערע גאסן.
איך האָב אויסגענוצט די דאָזיקע דורכגאנגס-הויפן, בין פארקראָכן אין פארשיי-
דענע פארוואָרפענע געסלעך, אבי צעטומלען דעם שפּיק, אויב אזא גייט מיר
ערגעץ נאָך און לויערט מײַנע טריט. און אזוי ביסלעכווײַז בין איך געקומען אף
דער גאס, וואָס איך האָב באדארפט. דאָ בין איך געגאנגען נאָך פאָרזיכטיקער,
ארײַנגעקוקט אין די פינצטערע ערטער פון הינטער א טויער, אָדער א צווײַגיקן
בוים, צי האָט זיך דאָרט ניט פארגאנוועט ערגעץ א שפּיק.

אין א שיין באלויכטענעם צימער זיינען שוין געזעסן דריי כאווירים. איך בין געווען דער פערטער. ווארטן מיר נאך אף איין כאווער. דאס איז אן ארבעטער פון „פעניקס". אן אים קאנען מיר ניט אנהייבן די זיצונג: אונדז איז זייער וויכטיק צו וויסן די שטימונג פון די ארבעטער אף דער דאזיקער פאבריק, ווייל זי איז איינע פון די גרעסטע אין שטאט.

מע האט געשטעלט דעם סאמאוואר. מע האט געגרייט א טיש מיט קיבעד, טאמער קומט פאליציי, זאל מען כאטש אף דער ערשטער מינוט פארבלענדן איר די אויגן — עס זיצן געמיטלעך ארום טיש געקומענע געסט.

מיר האבן דערווייל באטראכט א ריי פראגן, וואס האבן קיין דירעקטע שייכעס צום שטרייק ניט געהאט. עס איז איינגאנצן פארניק דער ערשטער נומער פון דער אומלעגאלער צייטונג, וואס דער קאמיטעט גרייט ארויסצולאזן. דארט וועלן זיין א ריי ארטיקלען וועגן דער אופירונג פון דער בורזשואזער אינטעליגענץ. דארט וועט זיין א פאמפלעט, א שארפער, א בייסנדיקער, אף די מענשעוויקעס, וואס פלירטעווען אזוי אפן מיט דער רעאקציע, און די זשאנדארמסקע דאמע קערט אף דעם קאפ און בריקעט זיך נאך דערצו. ניט איין צאך איז שוין געפלויגן פון צעפוילטע מענשעוויסטישע מויל, און זיי קריכן אלץ און קריכן... מע שפייט זיי אין פאנעם, און זיי טייטשן, אז עס איז א שלעכטער וועטער — עס גייט א רעגן.

באלד האט מען אנגעקלונגען. דער באלעבאס איז ארויסגעגאנגען באגעגענען דעם גאסט. אין צימער איז אריין עפעס א מאדנער פארשוין. ער איז געווען אנגעטאן אין א לייכט פוטערל, און דאס גאנצע פאנעם איז געווען ארומגעוויקלט מיט מארליע, ווי ער וואלט געווען א פארוואונדעטער. דורך דער מארליע האבן זיך בלויז ארויסגעזען א שפיץ נאז און ביטרע בלישטשענדיקע אויגן.

אלע זיינען געזעסן פארוואונדערטע און האבן געקוקט אפן גאסט און אפן סטודענט. דער סטודענט האט, שמייכלענדיק, אונדז פארגעשטעלט דעם פארוואונדעטן מענטשן און האט אים געבעטן אויסטאן זיך.

ווען ער האט זיך אויסגעטאן און אפגעוויקלט דאס פאנעם, האבן מיר דערזען, אז דאס איז דער ארבעטער, אף וועלכן מיר ווארטן. עס האט זיך אויסגעלאזט, אז אט דער דאזיקער ארבעטער איז אן אומלעגאלער, ער טאר זיך ניט ווייזן אין גאס, און דעריבער האט ער זיך ארומגעבונדן, קלוימערשט א פארוואונדעטער, קעדיי צו פארשטעלן דאס פאנעם, מע זאל אים ניט דערקענען...

מיר האבן אנגעהויבן די זיצונג. מיר זיינען געזעסן א פאר שא און האבן אויסגעארבעט א פלאן, וויאזוי דורכצופירן דעם שטרייק. איינער פון אונדזערע כאווירים האט געבראכט אן אנגעשריבענע פראקלאמאציע. מיר האבן זי דא איבערגעלייענט און באשטעטיקט.

זיצן מיר אזוי ארום טיש, אפן טיש ליגט דער פראטאקאל פון דער זיצונג און די אנגענומענע פראקלאמאציע. ביידע זאכן זיינען אנגעשריבן געווארן אף דינעם פאפיראס-פאפיר. דאס פלעגן מיר אלעמאל טאן, קעדיי טאמער דארף מען, זאלן מיר קאנען די שטיקלעך פאפיר גרינג צעקייען און אראפשלינגען.

אין קיך איז געווארן א קליינער טומל. מיר האבן זיך איינגעהערט. באלד

איז דער טומל שטיל געוואָרן, האָבן מיר זיך באַרויִקט און האָבן זיך ווידער גענומען פאַר דער אַרבעט.

ערשט מיטאָמאָל, עס טוט זיך אַן עפן האַסטיק די טיר און אַ דונערדיקע שטים טוט אַ געשריי:

— די הענט אין דער הייך!

אפן שוועל איז געשטאַנען אַ גראָב-בײַכיקער זשאַנדאַרם, מיט גראָבע פאַר-דרייטע וואָנצעס. ער האָט געמאַכט עטלעכע טריט אין צימער. נאָך אים זײַנען אַרײַן אין צימער נאָך איין זשאַנדאַרם און עטלעכע גאָראָדאָוואָיעס. ער האָט אַ קוק געטאָן אַף אונדז און אַף טיש און האָט אַרויסגעברומט:

— אַ געהיימע זיצונג? דאָס איז גוט, דאָס איז פֿײַן...

ער האָט געגעבן אַ פאַראָרדענונג דעם צווייטן זשאַנדאַרם, ער זאָל מיט עט-לעכע גאָראָדאָוואָיעס פאַרנעמען די דירע פונעם אינזשעניער, און ער אַליין מיט איין גאָראָדאָוואָי וועט מאַכן דאָ אַן אונטערזוכונג.

דעם גאָראָדאָוואָי, וואָס איז געבליבן מיט אים, האָט ער געהייסן שטיין בײַ דער טיר, קיינעם ניט אַרויסלאָזן. דערפאַר אָבער, אַז עמעצער וועט אַרײַנגיין, זאָל מען אים אַרײַנלאָזן און פאַרהאַלטן. ער האָט אים אויך פאַרזאָגט, מיר זאָלן כאָלילע ניט אַראָפּלאָזן די הענט. אַליין איז ער אַוועק אין אַ צווייטן צי-מער.

דערווײַל זײַנען מיר געקומען צו זיך. מיר האָבן דערזען, אַז דער גאָראָדאָ-וואָי שטייט גאַנץ ווײַט פון טיש, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מע מוז פאַרניכטן דעם פּראָטאָקאָל און די פּראָקלאַמאַציע, וואָס ליגן אַפן טיש. מיר האָבן זיך וועגן דעם שטילערהייט צונויפגערעדט און — פלינק, אין איין אויגנבליק, האָב איך געכאַפּט די פּראָקלאַמאַציע, האָב זי צעריסן אַף צוויי שטיק, האָב זיך צעטיילט מיט מײַנע כאַווער און באַלד אַרײַנגעוואָרפן עס אין מויל, אַ פּאָר קײַ געטאָן און אַראָפּ-געשלונגען. דאָס זעלבע האָט געטאָן אַ צווייטער כאַווער מיטן פּראָטאָקאָל פון אונדזער זיצונג.

דער גאָראָדאָוואָי איז מעוווּלוול געוואָרן. אין דער ערשטער מינוט האָט ער ניט געוווּסט, וואָס ער זאָל טאָן, נאָר באַלד אויסגעשריִען:

— וואַשע בלאַגאָראָדיע!..

דער זשאַנדאַרם איז פלינק אַרײַנגעפלויגן פונעם צווייטן צימער, געוואָרפן אַ בליק אפן גאָראָדאָוואָי, ווי איינער רעדט: „וואָס איז דאָ געשען?"

דער גאָראָדאָוואָי האָט זיך זייער קאָמיש אויסגעצויגן, האָט פלינק אַ שטעל געטאָן די האַנט צום דאַשעק פון היטל און האָט מיט אַ ציטערנדיקן טאָן אַרויס-געזאָגט:

— טאַק טשטאָ, זיי האָבן אופגעגעסן די פּאַ...

— דעם פּראָטאָקאָל! — האָט אַ געשריי געטאָן דער זשאַנדאַרם און איז צו-געלאָפן צום טיש. נאָר אפן טיש איז קיין זאַך ניט געווען. עס האָבן זיך נאָר געוואַלגערט יאָסעמדיק אַ פּאָר טיי-לעפעלעך און ראַכמאָנעסדיק האָבן געקוקט די ניט-דערטרונקענע גלעזער טיי. איין סעקונדע איז געווען טויט-שטיל. נאָר באַלד האָט זיך דער זשאַנדאַרם אַ קער געטאָן צום פאַרציטערטן גאָראָדאָוואָי, האָט אים

אָפּגעגאָסן מיט א זודיקן בליק און א הילכיקער! קלאנג האָט דורכגעשניטן די שטילקײַט. דאָס הײסל איז אראָפּגעשפּרונגען פון גאַראַדאָװאָיס קאָפּ און האָט זיך פארקײַקלט אין א װינקעלע.

— מערזאװעץ! פּאָדליעץ! — האָט זיך געזידלט דער זשאנדארם און האָט אים אראָפּגעלאָזן נאָך צװײ קלינגענדיקע פּעטש.

מיר זײַנען געשטאַנען ארום טיש מיט אופגעהױבענע הענט און האָבן זיך קוים אײַנגעהאלטן פאר געלעכטער. איצט האָבן מיר פאר אים מוירע, װי פארן פאראיאָריקן שניי. קײן שום באװײַזן, אז מיר געהערן צו אן ארבעטער-אָרגאני-זאציע, האָט ער ניט. קײן שום באװײַזן, אז דאָ איז בא אונדז געװען א זיצונג, האָט ער אױך ניט. װאָס קאָן ער אונדז טאָן?

דערװײַל איז אפּן קלונג פון די פּעטש געקומען צו לױפן דער צװײטער זשאנדארם. עס איז געװאָרן א שטיקל טומל, אָבער העלפן קאָן מען שױן גאָר-ניט — די אלע דאָקומענטן האָבן מיר שױן לאנג אראָפּגעשלונגען...

באלד האָט דער זשאנדארם זײַן גרימצאָרן געװענדט צו אונדז. ער האָט אונדז גענומען דראָען, אז מע װעט אונדז פארשיקן אפּ קאטאָרגע, אז ער װעט זיך מיט אונדז אָפּרעכענען. אָבער אין זײַן שטים איז ניט געװען קײן שום אי-בערצײַגונג, פאַרקערט, עס האָט זיך געפילט א פארלאָרנקײַט: נו, װאָס, װי װעט ער איצט ראפּאָרטירן זײַן העכערער נאטשאלסטװע? א געהײמע זיצונג פון קאָ-מיטעט? און באװײַזן? נאָך ערגער איז פאר אים געװען דאָס, װאָס מיט אים געפינט זיך נאָך א זשאנדארם, אזױ װאָלט ער געקענט אינגאנצן צערײַבן דעם אײסעק: געװען און גאָרנישט געפונען... אָבער דאָ איז אן אײדעס, אז עס איז יאָ עפּעס געװען און נאָך א מין געװען — א פּראָטאָקאָל פון א זיצונג — אײן קלײניקײַט !..

ער האָט זיך געשלײַדערט, דער זשאנדארם, געװאָרפן אפּ אלע זײַטן װי א הונט אין קאלטן װאסער. ער האָט זיך געזידלט און געדראָעט... מיר האָבן גע-שװיגן, אָבער אין אונדזער שװײַגן איז געװען אי רויקײַט אי ניצאָכן: װעסט מיט אונדז גאָרניט מאכן, טעמפּער קאָפּ! מיר זײַנען טאקע מיטגלידער פון אן אומלעגאלער אָרגאניזאציע, אָבער דו װעסט װעגן דעם אפילו קײן פּיפּס ניט טאָן...

אפּאָנעם, אז ער האָט געפילט די לעצאָנעס, זי האָט געשטראלט פון אונדזע-רע אויגן, זי האָט זיך ברײטלעך צעלײגט אין גיפטיקע שמײכלען אפּ אונדזערע פּענעמער, זי האָט געשטעקט אין אונדזערער שױן צו גרויסער רויקײַט. ער האָט זײער געװאָלט אָפּטאָן אונדז עפּעס אזױנס, װאָס זאָל אונדז שטארק װײ טאָן, און ער האָט מיטאמאָל א געשרײ געטאָן:

— די מײַלער עפנט אוף!

אפּאָנעם, אז בא אים האָט נאָך דערצו געטליִעט א האָפענונג צו געפינען כאָטש א שפּור פון פּראָטאָקאָל. אָבער דאָרטן איז שױן גאָרנישט ניט געװען.

די לעצטע האָפענונג זײַנע איז פארשװונדן געװאָרן. זײַן לאנע איז געװאָרן נאָך מער קאָמיש. ער האָט פון אָנמעכטיקײַט צונױפגעדריקט די פױסטן און האָט ענדלעך באפױלן:

— אָט אזוי, מיט אָפענע מײַלער וועט איר בא מיר שטיין, ביזוואנענ אי[illegible] וועל פארענדיקנ די גאנצע אונטערזוכונג.

— מע האָט אונדז אלעמענ אויסגעשטעלט אינ איינ ריי, אוועקגעשטעלט לעבנ אונדז צווײ גאַראַדאָוואָיענ, מיר זאָלנ כאָלילע ניט פארמאכנ די מײַלער.

אקוראט אנטקעגנ אונדז איז געשטאנענ א גרויסער שפיגל, אונ מיר האָבנ זיך אלע דאָרט געזענ מיט די אָפענע מײַלער אונ אופגעהויבענע הענט. מיר האָבנ אויסגעזענ זײער לעכערלעכ. אונדז אלעמענ האָט זיכ שטארק געוואָלט לאכנ, נאָר מיר האָבנ זיכ אײַנגעהאלטנ. דערהויפט האָבנ מיר זיכ געמיט ניט צו קוקנ איינער אפנ אנדערנ. מיר האָבנ אָנגעשטרענגט געקוקט אינ איינ פינטל פונ שפיגל, אקוראט, ווי דאָרט וואָלט געווענ עפּעס וויכטיקס צו באטראכטנ, אבי קיינ אנדער זאכ ניט צו באמערקנ.

נאָר מיטאמאָל האָט איינער פונ אונדז, וואָס איז געשטאנענ אינמיטנ, כיטרע א וווּנק געטאָנ צו זײַנע שכיינים פונ רעכטס אונ לינקס אונ האָט אינ־מיטנדרינענ ארויסגעשטעקט א לאנגע צונג.

מער האָט מענ ניט געדארפט. מיר האָבנ אלע מיט איינ מאָל אויסגעשאָסנ א געלעכטער. מיר האָבנ געלאכט הויכ, אפנ קאָל, געקאטשעט זיכ פונ געלעכטער.

די זשאנדארמענ זײַנענ ארײַנגעפלויגנ אינ צימער. זיי האָבנ געדראָעט מיט די פויסטנ, זיי האָבנ געשריענ אונ געטופּעט מיט די פיס, נאָר געהאָלפנ האָט דאָס ניט — מיר האָבנ געקײַכט פאר געלעכטער.

---

# פעטערל...

אלעמאָל, צווישן איין שלאכט און דער צווייטער, אז מיר פלעגן ליגן ערגעץ אין א כוטאָרל, אפן גרינעם גראָז, א ביסל אויסגערוטע, א ביסל אָפּגעגעסענע, — פלעגן מיר זיך ארומזעצן ארום מיכלען און פלעגן צושטיין צו אים, ער זאָל אונדז דערציילן מײַסעס פון אמאָל.

מיכל איז געווען... עס איז אייגנטלעך זייער שווער צו זאָגן, וואָס מיכל איז געווען: ער איז געווען אלץ... ער האָט געארבעט אין שטאב, ער איז גע-ווען רעדאקטאָר פון דער צײַטונג, ער האָט אכטונג געגעבן אף דער קיך, די רויטארמייער זאָלן דאָס עסן באקומען צו דער צײַט; ער איז געווען א פּאָליט-קאָם און אין דער זעלבער צײַט איז ער געווען א פּאָעטער, איינפאכער רויט-ארמייער, וואָס איז געלעגן אף די בלאָטיקע וועגן, געקראָכן איבער די זומפּן, געשפּאנט איבער די געדיכטע וועלדער מיט אן אָטריאד, קעדיי אָנצופאלן ערגעץ אפן סוינע...

מיכל האָט געהאט א באזונדערע פײַיקײַט צו דערציילן מײַסעס פון אמאָליקע אונדזערע קאמפ-יאָרן. דוכט זיך, גאָרניט, אן איינפאכע געשעעניש אינעם לעבן פון אונדזערע פארטיי-כאווערים... ווען אן אנדערער דערציילט עס, וואָלט עס גאָר ניט געווען אינטערעסאנט צו הערן. האָט עס אָבער דערציילט מיכל, איז דאָס געווען אינטערעסאנט, שפּאנענדיק, איז דער קלייניקער, איינפאכער עפּיזאָד אויס-געוואקסן אין א לעגענדע.

די יונגע רויטארמייער פלעגן אים הערן מיט גרויס פארגעניגן. נאָך זײַנער א מײַסע פלעגט ווערן לײַכט אפן הארצן.

שווערע, זייער שווערע צײַטן האָט איבערגעלעבט די רויטע ארמיי אין 1919 און אין 1920 יאָר. עס איז ניט געווען וואָס צו עסן, עס איז ניט געווען וואָס אָנצוטאָן, עס איז ניט אלעמאָל געווען מיט וואָס צו שיסן.

בא אונדזערע יונגע כאווײרים פלעגט אמאָל פאלן דער מוט, זיי פלעגן אָנ-הייבן ווערן אומצופרידן.

אָבער נאָך מיכלס א מײַסע פלעגט באלד קלאָר ווערן, אז די דאָזיקע קליי-ניקע אומאָנגענעמלעכקײַטן זײַנען גאָרניט אנטקעגן דעם גרויסן ציל, פאר וועלכן אונדזער פּארטיי האָט געקעמפט אין פארלויף פון צענדליקער יאָרן נאָכאנאנד און קעמפט אויך איצט.

ווען טויט האָט מען דאן ניט געטראכט, מע איז געווען פול מיט לעבן.

מיכל איז געווען גאָר ניט אזוי יונג, ווי ער האָט אויסגעזען. אָבער קיינער אין אונדזער ראָטע האָט אזוי פריילעך און אזויפיל ניט געלאכט ווי מיכל, קיי-נער האָט אזויפיל ניט געשטיפט ווי ער.

אָט דעם דאָזיקן כאווער מיכל האָבן די רויטארמייער זייער ליב געהאַט, און פון די ערשטע טעג אָן האָט מען אים כאוועריש גערופן „דיאדקע". נאָר ער האָט באלד אָנגעהויבן פראָטעסטירן: „דיאדקע" איז אן אַלט קאזארמיש וואָרט, א פאסקודנע וואָרט, א מיִעס וואָרט... רופט מיך שוין בעסער „פעטערל". די ניט-יידישע כאווײרים, באזונדערס די דאָרפישע, איז די ערשטע צייט געווען זייער שווער ארויסצורײדן דאָס יידישע וואָרט „פעטערל". זיי פלעגן שטענדיק זאָגן „כוויעטערל". אָבער מיכל האָט זיי געדולדיק געלערנט און שפּעטער האָט אים די גאנצע קאזארמע גערופן „פעטערל".

אפילו דעם נאָמען זיינעם האָט מען פארגעסן.

פעטערל...

איז אָט איינמאָל, אין א ראָז-פראָסטיקן פארנאכט, ווען אפן הארצן איז גע-ווען אומעטיקלעך, האָט זיך איינער פון די רויטארמייער געווענדט צום כאווער מיכל:

— פעטערל, דערצייל עפּעס א שיינע מעשה. טאָמער וועסטו א ביסל לייגן, מאכט אויך ניט אויס, אבי עס זאָל נאָר זיין שיין.

— צו וואָס זאָל איך לייגן, אז דער עמעס איז אזוי שיין.

— נו, גוט, גענוג צו לויבן. בא דיר איז דאָך אלץ שיין און גוט, — האָט אים דער זעלבער רויטארמייער אין א שפּאס געזאָגט, — דערצייל עפּעס!

מיכל האָט פארדרייט א ציגן-פיסל און, פארקלעפּנדיק דעם ברעג, האָט ער געזאָגט:

— אז עס איז פּאָרט אזוי. אז אין דער גאנצער וועלט איז פּאָרט ניטאָ אזא גרויסער עמעס, ווי בא אונדז...

ער האָט פארייכערט און צוגעגעבן:

— אז איר וואָלט צוואנציק יאָר נאָכאנאנד געהאַט צו טאָן מיטן צארישן גאָראָדאָוואָי און זשאנדארם, אז איר וואָלט אומגעגאנגען, אזוי ווי מיר, אלטע באָלשעוויקעס, געשמידטע אין קייטן איינער גאנצע יונגע לעבן און וואָלט אלע טאָג געפילט אף זיך דעם שיקערן שפּיי פון רוסישן זשאנדארם; ווען איר וואָלט זיך א פּאָר צענדליק יאָר אָפּגעוואלגערט אין די צארישע טפיסעס און די גאנצע צייט ברענען מיט איין פארלאנג — ארופוואַרפן זיך אף דער גאנצער באנדע אין די עפּאָלעטן און דערווערגן זי, — דאן וואָלט איר, קינדערלעך, אויסגעצייכנט גע-פילט, וואָס פאר א פרייד עס כאפּט ארום אזא הארץ ווי מיינס, ווען איך בין איצט בא דער מאכט, ווען איך בין א באוואָפנטער און קען שיסן פריי אין סוינע.

— פעטערל, אָבער גיב שוין אהער די מעשה.

— גוט, זעצט זיך אויס, א סאָף אן עק. איז וועגן וואָס זאָל איך אייך דערציילן, הא? א פריילעכע מעשה? א פריילעכע מעשה... אָבער עס זאָל זיין שטיל.

— פרעגן טאָר מען אויך גאָרניט?

— בעסער שפּעטער נאָכן דערציילן. איז הערט זשע...

— געווען איז דאָס סאַכאַקל מיט עטלעכע כאַדאָשים צוריק. אף אַן אַנדער פראָנט-ווינקל.

— פּע... בעסער פון אַמאָליקע מייַסעס, — האָבן זיך גענומען שיטן פון אַלע זייַטן פּראָטעסטן.

— אז אירווילט דאָך אַ פריילעכס, — האָט דאָס פּעטערל כיטרעוואַטע אַ קוק געטאָן אף די נייַגעריקע אויגן פון די יונגע רויטאַרמייער, — אַמאָליקע מייַסעס זייַנען דאָך געווען ניט אַזעלכע פריילעכע...

— אייַ, ניין, וואָס וועסטו אונדז דערציילן פון אונדזערע פראָנטן, — מיר ווייסן זיי אַליין... מיר וואַלגערן זיך שוין צוויי יאָר אף די פראָנטן.

— נו-נו, באַרויִקט זיך, כאַווײרים, — האָט ער האַרציק אַ גלעט געטאָן אַ גרויסע שוואַרצע פּאַפּאַכע, וואָס פון אונטער איר האָבן אַרויסגעקוקט צוויי לעבעדיקע בלויע אויגן, — עס איז אַ גוטע מייַסע, פאַרלאָזט זיך אף מיר.

ער האָט אַ ווייַלע אַ קוק געטאָן אפן גרויסן פייַער-ראָד, וואָס האָט אָנגעצונדן דעם אַנטקעגנדיקן געדיכטן וואַלד, אף די ראָז-בלישטשענדיקע בריליאַנטן-שנייעלעך, וואָס זייַנען געווען צעשאָטן אַרום, און געזאָגט:

— נאָר, כאַווײרים, שטערט ניט...

ער האָט אייַנגעשפּאַרט אײַן קני אין די דלאָניעס פון זייַנע צונויפגעקלעמטע הענט און זיך ערגעץ ווייַט פאַרקוקט. און באַלד האָט ער אָנגעהויבן אַזוי שטיל, ווי ער וואָלט טאַקע עפּעס אַן אַלט מייַסעלע דערציילט:

— ...אַזוי פאַרנאַכטלעך. אין די שייַבלעך פון דער דאָרפישער כאַטקע שייַנט אַרייַן די זון, און אין דער כאַטקע שטייען דרייַען אָנגעבויגן איבער אַ לאַנד-קאַרטע און טראַכטן:

— ווי קריגט מען אַ „צונג“?

אַ „צונג“ איז איצט אומבאַדינגט נייטיק. די אויסשפּירונגען האָבן די לעצטע טעג קיין באַזונדערן שליסל צו דער פאַרשטייענדיקער גרויסער אָפּעראַציע ניט געגעבן. וואָס אין הינטערלאַנד פון סוינע האָט זיך ניט אייַנגעגעבן אַרייַנצודרינגען, און עס איז געווען ניט קלאָר, וואָס פאַרא קויכעס עס ליגן ערגעץ פאַרשטעקט אין די אַרומיקע געגנטן פון דעם סוינעס פּאָזיציעס און וואָס טראַכט דער סוינע צו טאָן אין די נאָענטסטע טעג.

די לאַגע אפן פראָנט איז געווען אַ שווערע. די ניצכוינעס פלעגן זיך זייער שנעל בייַטן, און מיר האָבן ניט געקענט אָנטאַפּן די סטראַטעגיע פון סוינע.

פון שטאַב איז מיט צוויי שאָ צוריק אָנגעקומען אַ פאַראָרדענונג:

— מע מוז קריגן אַ „צונג“. אָבער די „צונג“ דאַרף זייַן אַזאַ, פון וועלכער מע זאָל קענען אַרויסבאַקומען גענויע און וויכטיקע יעדיִעס. עס איז געווען קלאָר, אַז אַזוי זיך אַ פּויער, אָדער אפילע אַ סאָלדאַט ווייסט די דאָזיקע יעדיִעס ניט קאָנען געבן. עס איז נייטיק אַ „צונג“, וואָס זאָל קענען איבערגעבן יעדיִעס און פּלענער פון שטאַב גופע.

די דרײַ קעפּ האָבן אָנגעשטרענגט געטראַכט און געוואַרט אַפּ די יעדיעס, וואָס עס דאַרף ברענגען אַ גרופּע אויסשפּירער.

די זון איז שוין אַוועק און קיין „צונג“ איז נאָך אַלץ ניטאָ.

ווי קריגט מען אַ „צונג“?

פון ערגעץ, פון דער ווײַט, האָבן זיך אַהער גענומען טראָגן טופּעניש פון כלאָען.

— זיי! זיי קומען אָן! אונדזערע פערד טופּען דאָך.

און די דרײַ קעפּ האָבן זיך אויפגעהויבן. דער קאָמאַנדיר, אַלעקסאַנדער אַד-ריאַנאָוויטש שקאַלאָוו, האָט געגעבן אַ באַפעל געדיכט פאַרהענגען די פענצטער און אָנצינדן דאָס קליינע לעמפּל מיט אַ דרײַער גלעזל.

צוויי אויסשפּירער זײַנען געשטאַנען לעבן טיש און האָבן ראַפּאָרטירט:

— אין דעם דערבײַיִקן שטעטעלע שטייט, ווי באַוווּסט, אַ שטאַב פונעם סוינעס אַ מיליטער-טייל. הײַנט איז בא זיי אַ באַל. דער גענעראַל כוועגניצקי אָרדנט עס אײַן דעם באַל. פאַראַיאָרן אין דער צײַט איז ער דורך אַ „נעס“ ניצל געוואָרן פון דער רויטאַרמייִשער אַרומרינגלונג. אכן באַל זײַנען אײַנ-געלאַדן בלויז די שטאַב-מיטגלידער און זייערע כוויען. סאַכאַקל אַ מענטשן 15—20. אַן אויטאָמאָביל האָט שוין צוגעפירט אַהינצו קאַסטנס מיט פלעשער, פאַרשיידן עסנוואַרג.

אַזוי האָבן זיי דערציילט.

אין צימער איז געוואָרן שטיל. אַלע זײַנען געשטאַנען אַרום טיש אָנגעשפּאַרט מיט בײדע הענט אַפּ אים, די קעפּ אַראָפּגעלאָזט. די שטערנס האָבן זיך גערונצלט.

שקאַלאָוו האָט אַ הייב געטאָן זײַנע גרויסע אויגן און אַ קוק געטאָן אַפּ ראָ-מאַנענקאָ, וואָס האָט איבערגעגעבן די יעדיעס.

— יאָ... אָבער די אײַנצלהײַטן פונוואַנען ווייסטו?

— איך בין דרײַ שאָ געלעגן אין מאָך הינטער אַ קוסט. דאָרט איז דאָ אַ שטיקל פרײַ פעלד, אינגאַנצן באַדעקט מיט מאָך. און איבערן מאָך וואו-ניט-וואו הייבן זיך געדיכטע קוסטעס לאָזע פון אַליעשניק. דאָס דאָזיקע פעלד שפּאַרט אָן אין אַ בעריאָזע-וועלדל און דאָרט, אין בעריאָזע-וועלדל, שטייען דעם סוינעס דאָזאָרן... איבערן מאָך איז גוט צו פּויזען, עס הערט זיך ניט, האָב איך זיך דערקליבן אַהינצו, צו זיי, ווי נאָר עס איז טונקל געוואָרן. די דאָזאָרן האָבן צווישן זיך געשמועסט, און איך האָב געהערט.

— די לעגיאָנערן האָט ער געהייסן אַרויסגעבן צו שקאַליקלעך בראַנפן לע-קאָוועד דעם יאָנטעוו, — האָט פאַרענדיקט ראָמאַנענקאָ.

באַם כאָוועד שקאַלאָוו האָט זיך מיטאמאָל געביטן די פאַרב פון זײַנע אויגן. זיי האָבן מיטאמאָל באַקומען אַ טונקל-שטאָלענע פאַרב. און אינמיטן די אויגן האָבן געלויכטן צוויי קלייניטשקע-קלייניטשקע לעמפּעלעך מיט דרײַער גלעזלעך.

— דעם באַל דאַרף ער פּראַווען בא אונדז אין שטאַב, ניט בא זיי, — האָט שקאַלאָוו געזאָגט און האָט אַ קוק געטאָן אַפּ מיר.

מיר האָט אַ ברען געטאָן דער קאָפּ פון אַזאַ פאַרשלאָג.

— ס'איז ניט פון די גרינגע זאַכן.

— איכ וויס, אָבער מע מוז זיכ פרווונ. א שאָ צײַט האָסטו אפ צוגרייטנ זיכ. פאר צווײ שאָ זײַנ דאָרטנ...

איכ האָב געוווּסט, אז שקאלאָווּ א באפעל איז א געזעצ.

איכ בינ ארויס פונ צימער אונ בינ אוועק צו זיכ אינ מײַנ גרופּע.

עס האָט מיר שיר דעם קאָפּ ניט צעטראָגנ.

— ווי פירט מענ דורכ די אָפּעראַציע?

א קורצע בעראטונג פונ א צענ מינוט, אונ דער פּלאַנ איז געווענ פארטיק.

— פיר אָטריאַדנ צו צענ מענטשנ קלײַבנ זיכ אינ שטעטל. אפנ וועג נעמענ מיר אראָפּ אָנ איינ שאָס די וואכ. פּונקט צו צווײ איינציגער רינגלענ מיר ארום דעם פײַנטס שטאב. אונ דאנ...

די פאנטאזיע צעשפּילט זיכ, אונ אפ דער נארע אינ אנ ענגנ קרײַז איז זי-ער לײַכט צו מאכנ דעם פּלאנ... אָבער אויספירנ אימ?..

אינ א שאָ ארום זײַנענ מיר געווענ פארטיק. אז מיר זײַנענ פארטיק געוואָרנ, איז געקומענ דער כאווער שקאלאָוו.

ער האָט יעדנ פונ אונדז ארומגעקוקט, אויסגעבעסערט די ווײַסגווארדייִשע שינעלנ, כאריכט די קאסקעס אפ די קעפּ.

— אפ די פערד! — האָט ער זיכ געווענדט צו אלעמענ.

מיר זײַנענ געבליבנ אליינ.

— פעטערל, די אָפּעראַציע איז זייער א שווערע.

— איכ וויס.

— נו, ווי פילסטו זיכ?

— מע דארפ אויספירנ.

— די גאנצע שווערינקײַט איז די פּאָסטנ. דערקלײַבנ זיכ צו זיי, אראָפּנע-מענ זיי. דו פּאָר אפ זיי מיטנ קנאק. רייד הויכ אונ מיט אזא לאָשנ, אז בא זיי זאָל קיינ צווייפל ניט זײַנ, אז דאָס פּאָרט זייערער אנ אָטריאַד. אונ אז דו וועסט שוינ זײַנ לעבנ זיי, פארשטייסט זיכ, אז זיי וועלנ שוינ ליגנ אינ פּעסל.

מיר האָבנ פארלאָזט דאָס דאָרפ. דאָס הארצ האָט געצאפּלט.

וואָלקנס אונ בלויע שטיקער הימל מיט שטערנ באשפּרענקלט, אונ ווענ-ניט-ווענ — א האלבע לעוואָנע... די לעוואָנע האָב איכ ליב. זי לײַכט באנאכט, ווענ עס איז פינצטער...

דער אוילעם האָט א שמייכל געטאָנ. מיכל האָט גענומענ אָנשיטנ א פּאַ-פּיראָס מאכאָרקע, אונ אלע האָבנ, קימאַט ניט באוועגנדיק זיכ, אויכ געטאָנ דאָס זעלבע. קיינער האָט ניט גערעדט, אלע האָבנ געוואַרט אפ דער פּאָרזעצונג.

— איכ זאָג מײַנ כעווירע: איר וועט גיינ מיט איינ טראָט ווײַטער, אָבער פארלירט מיכ ניט אינ דער פינצטער.

איכ בינ אוועק פּאָרויס. נאָר איכ האָב נאָכ ניט באוויזנ צו מאכנ קיינ צווײ טריט, ווי איכ בינ שוינ געווענ ארומגערינגלט פונ דרײַ ווײַסגווארדייִשע סאָל-דאטנ. איינער פונ זיי האָט באלד אָנגעשטעלט אפ מיר א קליינ עלעקטריש לאמ-טערנדל, אונ אינ דער זעלבער סעקונדע האָט זיכ עס פארלאָשנ: ער האָט דערזענ פאר זיכ אנ אָפיצער. נאָכ מער, ער האָט דערזענ פאר זיכ א גאנצנ אָטריאַד פונ זיירע.

איך האָב שטיל, אָבער ענערגיש אַרויסגעזאָגט:

— כאַווירים, דינגלט זיי אַרום.

עס האָט ניט געדויערט קיין סעקונדע און די דריי סאָלדאַטן זיינען געווען אַנטלאָפן.

— שרייען זאָלט איר ניט, ס'וועט אייך ניט העלפן, — האָט געזאָגט ראָמאַנענקאָ גאַנץ קאַלטבלוטיק, — אָט דאָ לעבן אייך וועלן מיר אַוועקזעצן צוויי כאַווירים, זיי וועלן מיט אייך דערווייל פאַרברענגען, ביז מיר וועלן זיך אומקערן צוריק. קיין סאַך וועט איר ניט דאַרפן וואַרטן, אין א צוויי שאָ אַרום וועלן מיר אייך באַפרייען.

מיר זיינען אַרויף אויפן שליאַך. די לעוואָנע האָט אַרויסגעקוקט פון אונטער א שטיק וואָלקן און א שמייכל געטאָן.

— ווילע כעווירע. נאָר זייט פאָרזיכטיק... אייך שטייט פאָר א שווער שטיקל אַרבעט.

איך האָב אָפּגעדאַנקט דער לעוואָנע, וואָס זי האָט אונדז א ביסעלע באַלויכטן דעם וועג, און מיר זיינען אַוועק ווייטער.

לעבן שטעטל האָבן מיר אַנטלאָפן נאָך צוויי דאָזאָרן.

איצט איז אונדז פאָרגעשטאַנען די שווערסטע אַרבעט. אונדזער גאַנצע אָפּעראַציע האָט איצט געמוזט זיין אויסגערעכנט אויף אויסערגעוויינלעכער געשיקטקייט און פלינקייט.

איין אָטריאַד איז געבליבן לעבן א שטיבל. ער האָט פאַרנומען דעם אַריינפאָר אין שטעטל פון אונדזער זייט. איך מיט איין אָטריאַד פון א מענטשן צוואַנציק האָבן זיך פלינק אַריינגעריסן אין שטעטל. מיר האָבן זיך באַלד צעטיילט אויף דריי טיילן. צען געזונטע כעווירע האָב איך גענומען מיט זיך און בין באַלד צוגעפאָרן צו דער קאָמענדאַטור. די איבעריקע צען האָב איך צעטיילט אויף צוויי גרופעס און זיי אַוועקגעשטעלט אויף די ראָגן פון צוויי גאַסן, וואָס האָבן געפירט צום שטעטל פון דעם סוינעס זייט.

אין שטעטל איז געווען שטיל. קיינער האָט זיך, פאַרשטייט זיך, אויף אונדז ניט געריכט. דאָס ביסל סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך, פאַרשלאָפענע, אַרומגעדרייט אויף דער גאַס, האָבן מיר ניט געטשעפּעט. מיר האָבן זיי נאָר ניט געלאָזן אַריינגיין צוריק אין זייערע הייזער. גערעדט האָבן מיר מיט זיי אויף זייער לאָשן און גערעדט האָבן מיר אין אונדזער געשפּרעך מיט זיי די זעלבע „איידעלע" ווערטער, וואָס זייערע אָפיצערן האָבן שטענדיק געברויכט אין באַרירונג מיט די סאָלדאַטן.

זיי האָבן ניט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר: זייערער אַן אָטריאַד האָט זיך אַריינגעריסן אין שטאָט, פאַרהאַלט סאָלדאַטן, לאָזט זיי ניט אַריינגיין צוריק אין די הייזער. זיי זיינען געשטאַנען מיט די שינעלן אויף די פּלייצעס, זיך געטרייסלט און האָבן מאָדנע פאַרוווּנדערט געקוקט איינע אויף די אַנדערע.

אין א קליין נידעריק שטיבעלע, פּונקט אַנטקעגן דער קאָמענדאַטור, איז געווען די פּאָליציי. מיר האָבן באַלד איבערגעשניטן די טעלעפאָן-דראָטן און אַרומגערינגלט דאָס שטיבל.

אין דער געבײַדע פֿון דער קאָמענדאַטור איז געווען ליכטיק. דאָרט האָט געשפּילט מוזיק און דורך די פֿענצטער איז געווען צו זען, ווי פּאָרלעך האָבן זיך געדרייט אין א טאַנץ.

מיטאמאָל האָט זיך האַסטיק אָן עפּן געטאָן די טיר פֿון דער קאָמענדאַטור, און אַן אָפֿיצער מיט צוויי סאָלדאַטן האָבן זיך באַוויזן אויף דער שוועל.

אויף איין סעקונדע איז מיר טאַקע געוואָרן קאַלט. אָבער ניט מער ווי אויף איין סעקונדע. איך בין צוגעלאָפֿן צו אים, און — נאַטירלעך, אויף זײַן לשון, — ביז אויסגעשריִען:

— לעבן פּראַגט?! הוליאַנקעס לעבן פּראַגט?! אַרעסטירן! — און באַלד זײַנען אַלע דרײַ געווען אַרעסטירט, אַנטוואָפֿנט און אָפּגעפֿירט אָן א זײַט, צו איינער פֿון די גרופּעס, וואָס איז געשטאַנען אויפֿן דאָך גאַס. ס'איז ווידער געוואָרן שטיל.

מיט קנאַק האָב איך זיך אַרײַנגעריסן אין דער קאָמענדאַטור. מיר האָבן באַלד פֿאַרנומען אַלע פֿענצטער. מײַן גאַנצער אָטריאַד איז געשטאַנען מיט אָנגע-שטעלטע רעוואָלווערן און געצילט אין עמעצנס ברוסט.

איין סעקונדע האָבן זיך נאָך די פּאָרלעך געדרייט. די מוזיק האָט געשפּילט. מיט איין מאָל האָט זיך אַלץ איבערגעריסן און א רגע איז געווען שטיל.

נאָר באַלד האָט די שטילקייט דורכגעריסן א פּרויען-קוויטש.

— שטיל זאָל זײַן! איך וועל אײַך דערשיסן אויפֿן אָרט!

איך האָב זיך געווענדט צו איינעם אַן עלטערן מענטשן, וואָס איז א שי-קערער געשטאַנען לעבן א דיקער דאַמע.

— איר זײַט גענעראַל סווענטיצקי? ווער האָט אײַך דערלויבט צו מאַכן הוליאַנקעס לעבן פּראַגט?

און איידער ער האָט מיר וואָס געקענט ענטפֿערן, האָב איך געגעבן א באַ-פֿעל: — אַנטוואָפֿענען אַלעמען!

מײַנע כעווערע האָט זיך באַלד א נעם געטאָן צו עטלעכע אָפֿיצערן, וואָס זײַ-נען דאָרט געשטאַנען אויך אַזוי שיקער, ווי דער גענעראַל סווענטיצקי, און האָבן זיי אַנטוואָפֿנט.

— איר זײַט אַרעסטירט! נעמט זיי!

אָן היטלען, אָט ווי זיי זײַנען געשטאַנען אין טאַנץ, האָבן מיר זיי א נעם געטאָן און אַרויסגעפֿירט פֿון דער שטוב.

אָן א זײַט איז געשטאַנען א גרויסער פּראַכט-אויטאָמאָביל. מיר האָבן זיי דאָרט אַרײַנגעזעצט, אוועקגעזעצט מיט זיי עטלעכע רויטאַרמייער, געגעבן אַן אײַ-גענעם שאָפֿער.

איך האָב א פֿײַף געטאָן.

עס האָבן זיך געוויזן די איבעריקע ביידע אָטריאַדן.

איך האָב געגעבן א פֿאַראָרדענונג:

—אַרומרינגלען דעם אויטאָמאָביל, נעמען מיט זיך די עטלעכע פֿערד פֿון די רויטאַרמייער, וואָס זיצן אין אויטאָמאָביל! מיר פֿאָרן!

און אַז אַלץ איז געווען פֿאַרטיק, האָב איך זיך געווענדט צום אָפֿיצער, וואָס

איז פון דער הארבסטיקער נאכט און פון שרעק געזעסן און זיך געטרייסלט אף די טרעפ פון דער קאָמענדאטור.

— איר וועט אריינגיין אין פּאָליציי-צירקל און וועט דורכן טעלעפאָן אי־בערגעבן אין נאָענטן שטאַב:

— די אָפּעראציע איז פאַרענדיקט. גענעראל סוועטיצקי איז ארעסטירט.

מיר זיינען אין גאַלאָפּ געפלויגן פון דער שטאָט. אפן וועג האָבן מיר אונ־טערגעקליבן די כאוויירים, וואָס זיינען געשטאנען בא די ארעסטירטע דאָזאָרן, און דער גאנצער אָטריאד מיינער מיט די פינף „ציגנער" (עמעס, די „ציגנער" זיינען געווען א ביסל שיקער) זיינען געפלויגן צו אונדזער שטאַב.

אין א שאָ ארום זיינען מיר שוין געווען אויסער יעדער געפאר: מיר זיי־נען געפאָרן אף דער סאָוועטישער טעריטאָריע.

די לעווענע האָט שוין פארטריבן אלע וואָלקנס און איז אונדז נאָכגעלאָפן אויך אין גאַלאָפּ דעם גאנצן וועג. דאָס הארץ האָט געצאַפּלט, אָבער איצט שוין פון פרייד.

מיר זיינען ארויסגעפאָרן פונעם בעריאָזע-וועלדל, און מיטאמאָל האָב איך דערזען, אונדז אנטקעגן יאָגט זיך א גרויסער אָטריאד רויטארמייער מיט אויס־געשטרעקטע ביקסן.

— סטוי! ווער איז דאָ!

איך האָב אָפּגעשטעלט דעם צוג, האָב אָנגעשפּאַנט דאָס פערד און בין אוועק פאָרויס. אנטקעגן מיר איז געפלויגן א פערד, און אף אים האָב איך פון־ווייטן דערקענט:

שקאלאָוו...

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט און מיר האָבן ביידע זיך צעלאכט.

אין א האלבער שאָ ארום זיינען מיר געזעסן אין אונדזער דאָרפיש הייזל, באם קליינעם לעמפּעלע מיטן דרייער גלעזל:

אנטקעגן אונדז זיינען געשטאנען די פינף „ציגנער"...

דער גענעראל האָט זיך דער ערשטער אויסגעניכטערט. ער איז געשטאנען און האָט זיך געטרייסלט, ווי אין קאדאָכעס.

שקאלאָוו איז געשטאנען אנטקעגן אים.

— דער „גאַסט" האָט אייך אונטערגעפירט, הא? איר ווייסט כאָטש, ווו איר זייט?

— ניט ווייט פון אייער שטאַב. — האָב איך פאר אים געענטפערט. — איך האָב דאָרט איבערגעגעבן א גרוס פון אייך, איר קאָנט שוין איצט זיין רויק.

א גאנצע נאכט איז קיינער פון אונדז ניט געשלאָפן. די טעלעפאָנען האָבן געקלונגען. עסטאפעטן זיינען געפלויגן מיט פארמאכטע פּאקעטן, מיט וויכטיקע ידיעס.

אף מאָרגן איינדערפרי איז אונדזער באציירק כוח פראָנט געווען גרייט צו בא־געגענען דעם סוינע.

און צו פארנאכט האָט זיך צעפלאקערט א שלאכט.

דעם אָנגריף האָבן מיר געמאכט.



— דער „נעסט" האָט אײַך אונטערגעפירט, יאָ?..

אינ צוויי טעג ארום האָב איכ מיט אנ אָנריאד רויטאַרמייער פארנומענ די קאָמענדאטור, ווו דער גענעראל בוועטיצקי האָט געזאָלט פייערנ דעם יאָריקנ יובילײ פונ זײַנ „נעס".

דער פעטער איז אנשוויגנ געוואָרנ.

מיר אלע האָבנ אויכ געשוויגנ, נאָר די אויגנ אונדזערע האָבנ געברענט און געקוקט אפנ פעטער.

— א שיינע מײַסע! — האָט איינער א רויטאַרמייער ארויסגעזאָגט.

— אונ א פריילעכע, — האָט דער פעטער צוגעגעבנ. — יאָ, א פריילעכע?.. נעכטנ האָט מענ מיכ ארויסגערופנ אינ שטאב... כאָווער שקאלאָוו איז א גרויסער זשוליק, ער האָט מיר גאָרניט געזאָגט אונ האָט אוועקגעשיקט א ראפּאָרט, ווײַזיג מע דארפ, וועגנ דער אָפּעראציע.

— נו! — זײַנענ אלע געוואָרנ נײַגעריק.

— א באפעל פונ רעווומילראט...

— הענגענ צי שיסנ? — האָט איינער אינ שפאס א פרעג געטאָנ.

— הענגענ... עס וועט באלד הענגענ בא מיר אפ דער ברוסט אנ אָרדענ פונ דער רויטער פאָנ...

— קאטשאט יעוואָ!

אונ דעם פעטערס פיגור איז אומבאהאָלפנ געפלויגנ ארופ אונ ארא̈פּ איג־דערלופטנ...

---

# דאָס טרייפענע געזינדל

## 1

## „שלוימע דער טינטער"

א שמאָל געסל איז דאָס געווענ מיט הויכע-הויכע מויערנ, אזוי אז די זונ איז אהינ קיינמאָל צו גאסט ניט ארייַנגעקומענ.

געוווינט האָבנ דאָרט, אינ דעם שמאָלנ געסל, לויטער אָרעמעלייַט, אלע פאַר-כוישעכטע אונ שמוציקע, אזוי ווי דאָס געסעלע אליינ.

אָבער איינ הויף איז דאָרטנ געווענ גאָר א מאָדנער. אזוי ווי א גרויסער קאסטנ איז ער געווענ, א פינצטערער אונ דומפּיקער. אונ אזעלכע שמאָלע, פאַר-דרייטע ווינקעלעך איז דאָרט געווענ, וואָס אזוי גיך קאָנ מענ זיי ניט אָפּזוכנ אונ מע דארף האָבנ א גרויסע געניטקייַט אינ הויף, מע זאָל אהינצו טרעפנ.

איז אָט, פונ איינעם פונ אזעלכע ווינקעלעך פלעגט זיך גאנצ אָפּט, קימאט אלע טאָג אונ קימאט אינ איינ אונ דער זעלבער שאָ באווייַזנ:

„שלוימע דער טינטער".

אזוי האָבנ אים גערופנ די עלטערע מענטשנ אפנ הויף. זיי האָבנ אים זייער ניט ליב געהאט. שלוימע האָט מיט זיי קיינ מאגעמאסע ניט געהאט, ער פלעגט זיי צו זיך אפנ שוועל ניט ארופלאָזנ.

בלויז צוויי ארבעטער האָבנ געהאט די זכיה צו אים ארייַנצוקומענ. איינער, גאָר א יונגער, א יאָר עטלעכע אונ צוואנציק, א בלאָנד באָכערל מיט גרויסע לעבעדיקע בלאָע אויגנ. ער איז געווענ א מעכאניקער, אונ שלוימע פלעגט גאנצ אָפּט ארייַנקומענ צו זייַנ מאמענ אונ מיט א הייזעריקלעכער שטים זאָגנ:

— אייַער נאָכעמקע איז ניטאָ? שוינ ווידער עפּעס מיט מייַנ קעסל ניט גלאט, עפּשער וועט ער הייַנט ארייַנקומענ אינ אָוונט צו מיר?

אונ ניט דערווארטנדיק קיינ ענטפער פונ איר, פלעגט ער אזוי שטיל ארויס-גיינ פונ שטוב, ווי שטיל ער פלעגט ארייַנגיינ.

נאָר אומבאמערקט פאַר דער מוטער פלעגט אינ קעשענע פונ נאָכעמקעס רעקל, וואָס הענגט שטענדיק אפנ פריטשקע פונ טיר, בלייַבנ ליגנ א קליינ ברי-וועלע.

אָפּט פלעגט נאָכעמקע פארפאלנ ווערנ אפ עטלעכע טעג, אונ קיינער פלעגט ניט וויסנ, ווו ער ווערט דאָס פארפאלנ.

די ערשטע צײַט איז נאָכעמקעס מוטער געווען זייער אומרויק. זי פלעגט ארומגיין אלע שכיינים און פלעגט זיך נאָכפרעגן אפ נאָכעמקען. נאָר צו שלוימען פלעגט זי ניט גיין, זי האָט איינמאָל פון אים געהאט א שלעכטן אָפּשניט, ווײַל דאָס ערשטע מאָל, ווען זי איז אַרײַן צו שלוימען פרעגן אפ נאָכעמקען, איז שלוימע נאָך אפ איר אָנגעפאלן.

— אײַער נאָכעמקע איז אפילע ניט געקומען פאריכטן דעם קעסל... גייט, גייט געזונטערהייט, — אפּאָנעם, אז דער מענטש איז געווען בארויגעזן, וואָס נאָכעמקע איז צו אים ניט געקומען פאריכטן דעם קעסל.

און נאָך אן ארבעטער פלעגט אַרײַנגיין צו שלוימען. דאָס איז שוין געווען אן עלטערער מענטש, מיט א גרויסער, אָבער קורצער באָרד. געהייסן האָט ער זעליק, אָבער אפן הויף פלעגט מען אים רופן „דעם טינטערס ווײַב", ווײַל זעליק פלעגט גאנץ אָפט אם גאנצע טעג פארפאלן ווערן בא „שלוימע דעם טינטער"...

אויסער די צוויי ארבעטער פלעגט קיינער ניט אַרײַנקומען צו „שלוימע דעם טינטער", מע האָט אים ניט ליב געהאט און מע האָט א ביסל פאר אים מוירע געהאט: ער פלעגט אלעמען אָפּבריִען ווי מיט וואר.

שלוימע האָט זיך ניט לאנג באזעצט אין דעם דאָזיקן הויף און האָט געלעבט דערפון, וואָס ער האָט געמאכט טינט...

אייגנטלעך האָט קיינער ניט געזען, ווי ער מאכט דעם טינט. ער פלעגט אין זײַן „פאבריק" קיינעם ניט אַרײַנלאָזן. „איר ווילט אויסקוקן און אָפּנעמען בא מיר די פארנאָסע"... — אזוי פלעגט ער זאָגן. נאָר געוווּסט האָבן אלע, אז ער מאכט טינט.

קימאט אלע טאָג פלעגט זיך שלוימע באווײַזן מיט א גרויסן קאָרב אף די פלייצעס, א קאָרב, וואָס איז פול געווען אָנגעפאקט מיט פלעשער טינט.

— אפּאָנעם, אז ער טראָגט דאָס דעם אויסגעארבעטן טינט.

אזוי האָט דער גאנצער הויף געזאָגט.

דערוווּסט האָט מען זיך, אז ער מאכט טינט, פון זעליקן, פון „שלוימעס ווײַב".

ער האָט דאָס אָט דעם דאָזיקן קלאנג פארשפרייט.

— א קלוגער ייִד אָט דער שלוימע... ער האָט אויסגעטראכט אזא מין סאָרט טינט, וואָס אים קאָסט קימאט גאָרנישט... און אלץ פון זיך אליין, בא קיינעם גאָרנישט געלערנט.

איינמאָל אין אן אינדערפרי איז געגאנגען א רעגן, און דער גאנצער הויף איז געווען פוסט. האָט זיך אפן הויף באוויזן א באָכער מיט דינע, אויסגעצאצקעטע וואָנצעס, האָט ארומגעקוקט דעם הויף, האָט עפעס א שמעק געטאָן, האָט זיך א דריי געטאָן אין עטלעכע ווינקלעך און איז ערגעץ אין הויף נעלעם געוואָרן.

עס איז גראָד געווען די צײַט, ווען „שלוימע דער טינטער" גייט ארויס מיט זײַן גרויסן קאָרב אָנגעפאקט פול מיט טינט. דאָס מאָל, ווי געוויינלעך, איז ער אויך ארויס פון זײַן פארשטעקט ווינקעלע. ער איז זיך געגאנגען אזוי לאנגזאם,

שמארק איַינגעבויגנ אונטער זיַינ שווערער מאסע. ער האָט שוינ געהאלטנ בא דעם לעצטנ קער צומ טויער, ערשט מיטאמאָל האָט זיכ געוויזנ דאָס באָכערל, איבערגעדעקט מיט א קאפּיושאָנ אזוי, אז מע האָט געקאָנט זענ נאָר זיַינע דינע אויסגעצאַקעטע וואָנצעלעכ.

דער „קאפּיושאָנ“ האָט זיכ איַינגעגעסנ מיט די אויגנ אינ שלוימעס רוקנ האָט זיכ, ווי א שלאַנג, אויסגעדרייט, ווי ער וואָלט וועלנ אָנפאלנ אפ שלוימענ פונ הינטנ. אונ אזוי, אנ אויסגעדרייטער, איז ער נאָכגעגאנגענ הינטנ נאָכ שלוי-מענ, ביז ביידע זיַינענ נעלעמ געוואָרנ פונ הויפ.

נאָר מיט א מינוט פריִער האָט זיכ האסטיק געעפנט א שמאָל פענצטערל פונ דריטנ שטאָק, אונ עס האָט זיכ באוויזנ נאָכטמיצעס בלאס פּאָנעם. ער האָט אָנגעשטרענגט געקוקט אפ דעם קאפּיושאָנ, אונ ווי נאָר יענער איז פאר-שוווּנדנ פונ הויפ, האָט ער פלינק פארמאכט דאָס פענצטערל אונ אינ א מינוט ארומ איז ער פייל-אויסנ-בויגנ ארויסגעלאָפנ פונ קאָרידאָר אונ איז נעלעמ גע-וואָרנ פונ הויפ.

ס'איז געוואָרנ נאָכ שטילער אפנ הויפ, אקוראט ווי די לופט אליינ וואָלט דערפילט, אז עפּעס איז דאָ ניט גלאט... ס'איז געוואָרנ שטילער אונ אומרויִקער.

באלד האָט זיכ פונ נאָכ א פארוואָרפנ ווינקעלע באוויזנ זעליק. ער איז קענ-טיק געווענ א ביסל אומרויִק, זיַינ קורצ געדיכט בערדל האָט זיכ אָנגעגנאָדלט אונ איז געוואָרנ מאָדנע באוועגלעכ... ער האָט א הוסט געטאָנ, האָט אומרויִק א פוצ געטאָנ דעם בעגעד אונ איז אויכ באלד נעלעמ געוואָרנ פונ הויפ.

מיטאמאָל האָט זיכ דערהערט א שנײַדנדיקער געשריי, ווי עמעצער וואָלט זיכ פלוצעמ שרעקלעכ איבערגעשראָקנ.

אינ אלע פענצטער האָבנ זיכ באוויזנ צעשראָקנ-פרעגנדיקע פענעמער. באלד האָט זיכ דערהערט א לויפעריַי פונ אלע פארוואָרפענע קאָרידאָרנ אונ עס האָבנ זיכ א שאָס געטאָנ א שלאל נײַגעריק-צעכווישטע מענטשנ.

אינ געסל איז געוואָרנ טומלדיק.

אפנ טראָטואר, אינ דער האלב-בלאָטיקער קאנאווע איז מיט א צעלעכערטנ קאָפּ געלעגנ דער „קאפּיושאָנ“.

## 2

## די קאָנטר־ראזוועדקע איז אומרויִק

די בורזשואזע אונ „סאָציִאליסטישע“ צײַטונגענ האָבנ געשטורעמט.

די קאָמוניסטנ זײַנענ אנ אומלעגאלע פארטיי אונ זיי האָבנ די גרעסטע וויר-קונג אפ די מאסנ. דעם ערשטנ מיי איז געווענ א גרויסע קאָמוניסטישע דע-מאָנסטראציע מיט רויטע פאָנענ, מיט לאָזונגענ אזעלכע, וואָס זיי, די „סאָציִא-ליסטנ“, זײַנענ זיי געווענ גאָר ניט אזוי צומ הארצנ.

דערהויפּט האָט אופגעבראכט די „סאָציִאליסטנ“ דאָס, וואָס די קאָמוניסטנ האָבנ א פרעסע ניט ערגער פאר זייערער.

— אנ אומלעגאלע דרוקעריַי אונ זאָלנ ארויסגעבנ אזויפיל ליטעראטור, אקוראט, ווי זי וואָלט געהאט די בעסטע מאשינעס.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן די וואַלן אין סיים (פּאַרלאַמענט). די „סאָציאַליסטן" האָבן געהאַט זייערע צייטונגען, זייערע לעגאַלע דרוקעריַיען. און פונדעסטוועגן האָבן די קאָמוניסטן אָנגעהויבן די וואַל-קאַמפּאַניע די ערשטע. זיי האָבן ארויס-געלאָזט דעם ערשטן פּלאַקאַט, דעם בעסטן און דעם שענסטן.

אין איין שיינעם פרימאָרגן איז די גאַנצע שטאָט געווען ארומגעקלעפּט מיט גרויסע פּלאַקאַטן, און וועלכע עס זיינען געווען אָפּגעמאָלט א גאַנצע ריי קאַרי-קאַטורן, וויאַזוי די „סאָציאַליסטן" נארן אָפּ די ארבעטער, וויאַזוי זיי, צוזאַמען מיט די פאַשיסטן, בּאַראַבעווען דורך פאַרשיידענע געזעצן די אָרעמע פויערים.

און פון דעמלט אָן זיינען שוין די דאָזיקע פּלאַקאַטן פון די ווענט ניט אראָפּ. די גאַנצע פּאָליציי איז געווען מאָביליזירט. ווי נאָר א פּלאַקאַט פלעגט זיך באַ-וויַיזן, אזוי פלעגט שוין דער „גאָראָדאָוואָי" צולויפן, פאַנאַנדערטריַיבן דעם אוילעם און געשווינד, מיט גרויס רוגזע, אראָפּריַיסן דעם פּלאַקאַט און צעטרעטן מיט די פיס.

אָבער ווי נאָר דער גאָראָדאָוואָי פלעגט זיך אָפּקערן און אראָפּ פון טראָטואַר, פלעגן שוין אויסוואַקסן א פּאָר יונגלעך, איינער מיט אן עמער און דער צוויי-טער מיט א פּאָר פּלאַקאַטן אונטער דער פּאָלע, און א גרויסער פּלאַקאַט פלעגט שוין ווידער הענגען אף דער וואַנט... און הונדערטער מענטשן פלעגן זיך קלעפּן ארום אים, ווי בינען ארום האָניק.

די קאָנטער-ראַזוועדקע איז געווען אויפגעבראַכט. די גאַנצע פּרעסע, דערהויפּט די „סאָציאַליסטישע", האָט געשריגן: איר זייט גאָרנישטן, איר קריגט געהאַלט און טוט גאָרנישט. די קאָמוניסטן געוועלטיקן איבער אונדז, און איר זייט ניט בעקויעך זיי אויסצוכאַפּן. ווער ווייסט, צי זיצן ניט אין דער קאָנטער-ראַזוועדקע גופא עטלעכע צעגדליק קאָמוניסטן און טוען דאָרט, וואָס זיי ווילן.

און די קאָנטער-ראַזוועדקע האָט זיך דערשראָקן. די „סאָציאַליסטן" האָבן אריַינ-געטראָגן אן אָנפראַגע אין פּאַרלאַמענט, צי ווייסט דער אינערן-מיניסטער, אז אין קאָנטער-ראַזוועדקע זיצן קאָמוניסטן און אז זי באַקומט געלט פון מאָסקווע, פון די באָלשעוויקעס. די „סאָציאַליסטן" האָבן געוווסט, אז דאָס איז א ליגן, אָבער קעדיי אויפצוברענגען די קאָנטער-ראַזוועדקע און נייטן זי איינמאָל פאר אלעמאָל אָנ-צונעמען די ענערגישסטע מיטלען קעגן די קאָמוניסטן, האָבן זיי אריַינגעטראָגן אזא פּראָוואָקאַטאָרישע אָנפראַגע.

דער שעף פון דער קאָנטער-ראַזוועדקע איז געזעסן אין זיין צימער א בייזער און אויפגעבראַכטער. ער האָט בייז און לאַנג געקלונגען. אין צימער האָט זיך באַוויזן זיין געהילף.

— דיינע כאַווירים, די „סאָציאַליסטן", הערן ניט אויף צו בילן. עפּשער וואָלסטו זיי איינגענומען?

— איך האָב אייך געזאָגט, אז מע דאַרף ווערן נעענטער מיט זיי. מע מוז זיי געבן עטלעכע וויכטיקע פּאָסטנס... נעכטן האָב איך געזען דעם פּאָרזיצער פון דער סאָציאַליסטישער סיים-פראַקציע...

— צום טייוול! וואָס ווילן זיי נאָך! א געהילף האָב איך שוין א „סאָצי-אַליסט", איך אליין בין דאָך אויך אמאָל געווען א „סאָציאַליסט"... אין א גאַנ-

צער די שטעט האָבן מיר „סאָציאַליסטישע" אגענטן. מיט אײן װאָרט — א סאָציאַ-ליסטישע קאָנטר-ראַזװעדקע.

— די לעצטע צײַט האָבן די קאָמוניסטן טאַקע אױפגעהױבן דעם קאָפּ.

— יאָ, אָבער גײ געפינ זײ! דו ביסט דאָך שױן א „סאָציאַליסט", ניט קײן מאָסקװער אגענט, װי דײַנע כעװרעלײַט רופן אונדז. נו, פארװאָס געפינסטו זײ ניט?

— מע מוז'האָבן אונדזערע עטלעכע מענטשן בא זײ.

— אָט גלײבן זײ דיר! דו האָסט דאָך דײַן כאװער געשיקט װערן א קאָ-מוניסט. נו, האָט דאָס פיל געהאָלפן? אָט האָבן זײ דאָך אים ארײַנגענומען אין דער פארטײ.

— רופט ארײַן בלינדערמאַנען, ער װײסט טאַקע.

— שיק אים ארײַן, די שטאַטע, פון אים װעט גאָרנישט זײַן, ער איז א גרױסער נאַר, געדארפט צושיקן...

מע האָט אָנגעקלונגען אין טעלעפאָן.

— יאָ. איך. װער רעדט דאָס? דער טײַװל װײסט, װאָס דו פּלױדערסט דאָרט אין טעלעפאָן! װעמען?!

ער האָט א שלײַדער געטאָן מיט צאָרן דאָס טרײַבל פון טעלעפאָן, האָט בײַז א רעװע געטאָן און א זעץ געטאָן מיט זײַן פױסט אָן שרײַבטיש.

— איך װעל אופרײַסן האלב שטאָט, אָבער איך װעל זײער נעסט צעשטערן.

— װאָס האָט געטראָפן?

— בלינדערמאַן ליגט שױן אין שפיטאָל.

— װאָ-אָס!

— דײַן פײַרע! דו האָסט דאָך אים „װערבירט פון די קאָמוניסטישע רײען". גײ פארלאָז זיך אפ אײַך, „סאָציאַליסטן".

ער האָט אָנגעקלונגען.

עס איז ארײַן אַן אלטער זשאַנדארם, א הױכער, מיט גרױסע באַקנבאָרדן און גװאַלדיק לאַנגע װאָנצעס, װאָס זײַנען געהאַנגען אראָפּ, װי געפײַגערטע.

— נו, אױסגעפײַנט זיך! װוהין האָט איר געשיקט בלינדערמאַנען?

— ער איז געקומען צו גײן און האָט געזאָגט, אז ער קאָן זיך דערװיסן, װו עס געפינט זיך די אומלעגאַלע דרוקערײַ.

— און דו האָסט אים, נאַטירלעך, געגלײבט? אָט דאָס הײסט אַן אלטער רוסישער זשאַנדארם, צום טײַװל זאָלט איר אלע גײן!

— װאָס האָב איך אים געדארפט גלײבן? איך האָב אים געזאָגט: גוט, גײ און שפיר.

— עס װעט גאָרנישט זײַן, עס איז קענטיק, אז אײַערע אלטע מעטאָדן פון אױסשפּירן װעט מען מוזן אײנמאָל פאר אלעמאָל אוסראָטן. װאָס האָט פארשטאַ-נען דער רוסישער כאַם?

מע האָט װידער אָנגעקלונגען.

— אללאָ! אזױ, װאָס, ער האלט שלעכט? װאָס?! א ראַװו? ער װיל װידע זאָגן? צום טײַװל! װאָס האָט דאָס צו מיר?

דער זשאַנדאַרם מיט די לאַנגע וואָנצעס איז אופגעשפרונגען פון אָרט.

— זאָגט, אז מיר וועלן אים גלייך שיקן. מע קען מיטן ראָוו דורכמאַכן...
מע דאַרף האָבן אן אייגענעם ראָוו.

דער שעף פון דער קאָנטר־ראַזוועדקע האָט א קוק געטאָן פאַרוווּנדערט אפן זשאַנ-
דאַרם, נאָר באַלד האָט זיך א שמייכעלע באַוויזן בא אים אין די אויגן, און
ער האָט געענטפערט אין טרייבל.

— גלייך שיקן מיר א ראָוו. זע, ער זאָל דאָרט דערוויילע טאָן פייגערן.—ער
האָט אוועקגעלייגט דאָס טרייבל און האָט מיט א שמייכעלע געזאָגט צום אלטן
זשאַנדאַרם:

— פּאַוועל אַנטאָנאָוויטש, דאָס איז אן אידיי...

— הייסט דאָס, אז ניט אלץ פון דער אַלטער זשאַנדאַרמעריע טויג ניט?
אַמאָל, אין די אַלטע צייטן, פלעגן אונדז די יידישע ראַבאָנים זייער גוט צוניץ
קומען. אָט איז בא אונדז געווען אין לאָדז אזא ראַבין, ער פלעגט שטענדיק
צושטעלן די צעטלען פון די שטרייק־אָנפירער. ער איז בא אונדז געווען אן
אָפּטער אַריינגייער. דער פּאָלקאָווניק אונדזוערער פלעגט זיך מיט אים אַלע וואָך
טרעפן בא דעם באַרימטן יידישן גוויר, בא פּאָזנאַנסקין אין שטוב. מיר האָבן
געהאַט אזא אין דווינסק. אן אָנגעזעענער ראַבין געווען, נו, און דער פּאָלטאַווער
ראָוו...

— יאָ, אָבער וואָס קאָנען מיר איצט טאָן? ערשטנס, האָבן מיר קיין ראָוו ניט...

— דאָס איז א קלייניקייט. שיקט נאָך אייער שטאָטישן ראָוו, ער וועט דאָס
טאָן.

— קלינגט!

פּאַוועל אַנטאָנאָוויטש האָט פאַריכט זיין טוּשעווקע, א דריי געטאָן די וואָנ-
צעס, געמאַכט א בייז פּאָנעם און האָט אָנגעקלונגען.

— דעם ראָוו דאַרף איך, — האָט ער א ברום געטאָן, און צו די צוויי כאָוויידים
זיינע האָט ער מיט א געלעכטערל שטיל געזאָגט: — באַלד נעמען בא אים אָפּ די
פּיס... עס וועט אים ווערן נאַס...

ער האָט געמאַכט א באַסאָווע שטים און וואַזשנע־שטרענג א זאָג געטאָן:

— דאָס רעדט מען פון דער קאָנטר־ראַזוועדקע... יאָ, פון דער קאָנטר-
ראַזוועדקע. — ער האָט מעשונע־מאָדנע זיך פאַרקרימט. — זשידאָווסקע מאָרדע, פאַר-
כאַסטע מאָרדע, — האָט ער שטיל געזאָגט. און אין טרייבל האָט ער ערנסט
אַריינגעזאָגט: — מיר וואַרטן אוי אייך, זייער א וויכטיקער איניען... אין א האַלבער
שאָ ארום?..

## 3

## דער ראָוו און די קאָנטר־ראַזוועדקע

געלאַסן און שטיל, מיט א באַזונדער ראַכוועס איז די שוואַרצע באָרד גע-
לעגן אפן רעב לייזער דעם ראָווס ברייטן ברוסט־קאַסטן. און דאָס פּאָנעם באַם
ראָוו איז געווען אזוי געלאַסן און ראַכוועסדיק ווי זיין באָרד.

ער איז געגאנגענ שטיל, אונ אינ זײַנ רוקנ גאנג איז געווענ א באזונדערע זיכערקײַט אונ פעסטקײַט. ערשט איצט האָט ער זיכ דערפילט, אז עס איז גוט אונ עס איז ווערט צו לעבנ אפ דער וועלט. בא זיכ, אינ דעם ייִדישנ ווינקל, איז ער שוינ לאנג אנ אָנגענומענער מענטש, א גרויסער כאָשעוו. סאָלאָווייטשיק, דער גרויסער וואלד-סוחר, וואָס האָט אפנ ברעג פונ ניעמאנ זײַנ גרויסע זעג-מיל אונ וואָס האָט דערגרייכט צו אזא גדולה, אז ער איז געוואָרנ א ייִדישער דעפוטאט, דער דאָזיקער סאָלאָווייטשיק האָט אים, דעם ראָוו, רעב לייזערנ, אײַנגעלאדנ אמאָל אפ טיי אונ האָט מיט אים גערעדט אזוי וואזשנע וועגנ וויכטיקע קאָהאָלשע איניאָנים. בא די איבעריקע גווירים איז ער שוינ לאנג אנ אָנגעזעענער מענטש. ניטאָ וואָס צו זינדיקנ... אָבער שטענדיק האָט רעב לייזערנ פארדראָסנ אײנ זאכ — פארוואָס איז דער גאלעך א דעפוטאט אינ סיים, א מיטגליד פונ פארוואלטונג פונ פאָלקס-באנק — אונ מע זאָגט גראָד, אז ער האָט דאָרט די גרעסטע דייע, — א שטענדיקער ארײַנגייער צומ פרעזידענט... א ייִדישער דעפוטאט איז טאקע א וואזשנע זאכ, אָבער צו א פרעזידענט קומט דאָס ניט... עס איז דאָכ עפעס א מאלכעס...

אונ איצט פילט ער, אז ער הייבט אָנ צו גײנ אפנ ריכטיקנ וועג. דער שעפ פונ דער קאָנטר-ראזוועדקע אליינ האָט אים גערופנ צו זיכ... עס קאָנ זײַנ, אז דער אייבערשטער וועט געבנ, אז דורכ זײַנ האנט זאָל ער געהאָלפנ ווערנ... א גרויסער אָדנ דער שעפ פונ דער קאָנטר-ראזוועדקע. מע זאָגט, אז בא אים אינ די הענט ליגנ אלע מיניסטאָרנ... אפילע דער פרעזידענט אליינ, זאָגט מענ...

ער האָט מוירע געהאט צו פארענדיקנ דעם געדאנק: ווער ווייסט, צי פאסט דאָס... ער גייט דאָכ עפעס אינ קאָנטר-ראזוועדקע... זיי פארשטייענ דאָכ אפנ ווונק...

אפנ וועג האָט ער באגעגנט דעם דײַענ, נאָר איצט האָט ער אָפגעקערט דעם קאָפּ, ער האָט זיכ ניט געוואָלט מיט אים טרעפנ... ער גייט אינ דער קאָנטר-ראזוועדקע גייט ער... אײנ קלייניקײַט — אינ דער קאָנטר-ראזוועדקע! קיינער טאָר ניט וויסנ...

אונ האָט פארקערעוועט אינ א זײַטיק געסל.

איידער ער האָט א קווענטש געטאָנ דאָס גלעקל אינ דער טיר פונ דער קאָנטר-ראזוועדקע, האָט ער זיכ ארומגעקוקט, האָט א קליינעמ הוסט געטאָנ, האָט א גלעט געטאָנ די באָרד אונ פאריכט דעמ אטלעסענעמ סורדוט.

שטילערהייט, מיט א באזונדערנ ציטער, האָט ער א דריק געטאָנ די קנאָפּקע פונ גלעקל. אונ ווי נאָר הינטער דער טיר האָט א ריס געטאָנ מיט רוגזע דאָס צינגל, האָט ער זיכ דערשראָקנ אונ האָט פלינק אָפגעלאָזנ, ווי ער וואָלט זיכ אָפגעבריט.

רעב לייזער איז לאנג געזעסנ אינ וואַרטצימער, ביז צו אים איז ארויסגעגאנגענ דער אלטער רוסישער זשאנדארמ מיט די לאנגע וואָנצעס. פאוועל אנטאָנאָוויטש איז ארײַנגעגאנגענ פלינק, מיט א שטארקנ קלאפ הינטער זיכ די טיר. ער האָט געמאכט אײנ טראָט אונ איז געבליבנ שטיינ. רעב לייזער האָט זיכ אופגעהויבנ, האָט זיכ שטארק א נייג געטאָנ אונ האָט זיכ דערנעענטערט צו אים.

— איכ בינ דאָס דער ראָוו.

— גוט, גוט, וואָס איר זײַט געקומענ. מיר זײַנענ לאָיאל צו יעדער רעלי-

גיע. מיר האלטנ, אז יעדער פרומער מענטש, צו וועלכער נאציע ער זאָל ניט געהערנ, אפילע צו דער ייִדישער נאציע, איז פאר אונדז גוט...׳ איז אָט... בא אונדז ליגט אינ שפיטאָל אונדזוערער א מיטארבעטער. איינער פונ אייַערע, פונ די באָלשעוויקעס, האָט אים געמוזט מעכאבעד זייַנ מיט א שטיינ איבערנ קאָפּ, אונ ער גויסעט איצט אינ ייִדישנ שפיטאָל. ער וויל זיכ אָבער פארנ טויט מיסוואדע זייַנ. גייט צו אים, זאָל ער זיכ מיסוואדע זייַנ אונ זאָל ער זאָגנ אלצ, וואָס ער ווייסט וועגנ די קאָמוניסטנ.

רעב לייזערנ איז אפ א ווייַלע געוואָרנ קאלעמוטנע אפנ הארצנ: ער האָט געוואָרט אפ מער, אפ עפּעס א גרעסערער שליכעס. נאָר באלד האָט ער זיכ אליינ בארויִקט:

— מע הייבט אָנ פונ קליינס... אלעמאָל הייבט מענ אָנ פונ קליינס...

ער האָט זיכ א נייג געטאָנ.

— איכ דאנק אייַכ זייער, גרויסער האר, פאר אייַער גנאָד... גאָט וועט אייַכ בעפיירעש באצאָלנ מיט קאָלטווו פאר דעם, וואָס איר פארלאָזט ניט א ייִדישע נעשאָמע, וואָס וויל זיכ אָפּרייניקנ פונ די גרעסטע זינד, פונ קאָמוניזמוס, אונ זאָל קומענ אפ דעם אוילעם-האָעמעס ריינ ווי די טויב.

ער האָט געוואָלט נאָכ ריידנ, נאָר פּאוועל אנטאָנאָוויטש האָט אים איבערגעשלאָגנ:

— איר דארפט וויסנ, אפ וואָס אָנצוקוועטשנ. איר דארפט אים דערווייַזנ, אז זייַנע כאוויירים אליינ האָבנ אים דערהארגעט, אונ מיט דעם, וואָס ער וועט אוועקטראָגנ מיט זיכ די סוידעס, וועלנ זיי נאָכ עמעצנ אזוי דערהארגענען. עפּשער טאקע זייַנע עלטערנ... זיי וועלנ נעקאָמע נעמענ אָנ אים אונ דערהארגענענ זייַנע עלטערנ... מיט איינ וואָרט... איר וועט שוינ וויסנ ווי צו זאָגנ, איכ פארלאָז זיכ אפ אייַכ: ייִדנ זייַנענ א קלוג פאָלק... גישקאָשע, מע דארפ זיי ניט לערנענ.

ער האָט א שמייכל געטאָנ אונ געגעבנ אים די האנט.

רעב לייזער האָט האסטיק א נעמ געטאָנ זייַנ האנט אזוי, אז ער האָט שטארק אָנגעקוועטשט אפ דעם אויסבייג פונ גראָבנ פינגער, אונ האָט אפגיכ ארויסגעזאָגט:

— א דאנק, א גרויסנ דאנק... זייט רויִק, איכ וועל...

— איר דארפט גיינ באלד, אונ מיר מוזנ האָבנ די יעדיִעס אויכ באלד. איכ וועל אייַכ שיקנ אינ שפּיטאָל צו הילפ אונדזערנ אגענט; ער וועט פארשרייַבנ, וואָס מע וועט דארפנ.

אינ א ווייַלע ארום איז רעב לייזער געזעסנ לעבנ בלינדערמאנס צוקאָפּנ.

— אָט אזוי, מייַנ זונ... דו דארפסט זיכ מיסוואדע זייַנ פאר מיר... דו דארפסט ארויסזאָגנ אלצ, וואָס עס קוועטשט דיר אפנ הארצנ. טאָמער האָסטו אפ וועמענ-עס-איז א קאס, זאָג, וועט דיר גרינגער ווערנ אונ דער אייבערשטער וועט דיר מויכל זייַנ דייַנ זינד. מע טאָר ניט זייַנ אינ קאס, מע טאָר אפ קיינעם ניט טראָגנ קיינ קאס... דער מענטש איז דאָכ גאָרנישט, ער איז דאָכ ניט מער, ווי גאָטס א שאָליִעכ... זאָג, מייַנ קינד, דערצייל אלצ...



— ...מיר האלטן, אז יעדער פרומער מענטש...

בלינדערמאַנ האָט א קרעכצ געטאָנ.

— מיכ האָט דערהארגעט א באָלשעוויק, יענטע דער בעקערקעס יינגל... ער ווייגט...

— וועלכער יענטע דער בעקערקעס? דערציל, מײַנ קינד, איכ דאַרפ דאָכ מיסכאַלעל זײַנ אי פאר דיר אי פאר אים... ווי רופט מענ אים, מײַנ קינד?

— נאָכעמקע...

— נאָכעמקע בערעב?..

— יסראָעל-בער האָט מענ גערופנ זײַ טאַטנ.

— בערעב יסראָעל-בער, וואָס ווייגט...

— אפ קליינגראָדנער...

— אפ קליינגראָדנער... אונ די פאמיליע זײַנע איז...

— קאפלאנ.

— קאפלאנ. איז אָט דער אויכער-יסראָעל האָט דאָס דיר געגעבנ מיט א שטיינ אינ קאָפּ... פארוואָס?..

— רעבע, אײַכ דארפ מענ דאָכ זאָגנ דעם גאנצנ עמעס...

— נאָר דעם עמעס, מײַנ קינד. איכ דארפ דײַנע רייד ברענגענ פאר גאָט באָרעכ-הו. ווי קאָנ איכ ברענגענ פאר גאָט באָרעכ-הו שקאָרים?

— ער איז א קאָמוניסט... דאָרט אפנ הויפ... ווייגט נאָכ איינער... אויכ א קאָמוניסט... שלוימע רופט מענ אים... ער האָט פארבינדונגענ מיט דער דרו-קערײַ...

הינטערנ ראָוו איז געשטאַנענ א הויכער יונגערמאַנ, זייער שיינ געקליידט אונ האָט פארשריבנ אינ א קליינ ביכעלע...

## 4

## די קאָנטר-ראַזוועדקע אונ דער ראָוו

איצט איז שוינ רעב ליזער ניט געשטאַנענ, נאָר געזעסנ גאָר ברייט צע-לייגט אינ א ווייכנ פאָטעל פונ הוילנ לעדער, אונ אנטקעגנ אים, אויכ ברייט צעלייגט, איז געזעסנ ניט דער אלטער רוסישער זשאַנדארם פאוועל אנטאָנאָוויטש, נאָר אליינ דער שעפ פונ די זשאנדארמען... אונ געווענ איז דאָס ניט אינ וואַרט-צימער, נאָר טאקע באַם שעפ אינ קאבינעט.

דער שעפ האָט מיט א ליבלעכנ שמייכל געקוקט אינ די אויגנ דעם ראָוו, אונ דער ראָוו האָט מיט א ליבלעכנ שמייכל געקוקט אינ די אויגנ דעם שעפ.

דער שעפ האָט געפרעגט אונ דער ראָוו האָט דערציילט... אונ הינטערנ ראָוו איז געשטאַנענ א הויכער יונגערמאַנ, זייער שיינ געקליידט אונ האָט פארשריבנ אינ א קליינ ביכעלע...

אונ דער ראָוו האָט דערציילט:

— איכ בינ כוישעד, אז די ארבעטער-פראַקציע אינ דער קעהילע איז א קאָמוניסטישע. איכ וועל אײַכ, אָדנ-גאָדל, גיט זאָגנ אפ זיכער, אָבער איכ בינ כוישעד, אז דאָס איז אזוי... מיר, די עמעסע יידנ, זײַנענ שטענדיק געווענ קעגנ

רעוואָליוציע און פאַר אָרדענונג אין לאַנד און זײַנען איצט אויך אַזוי. בײַ אונדז איז בעפֿירעש דאָ אַזאַ געמאָרע, אַז דער, וועד עס גייט קעגן מאַלכעס — און אַ פּרעזידענט הייסט אויך מאַלכעס — איז די זעלבע זאַך, ווי ער גייט קעגן גאָט...

— ער האָט אים, זאָגט איר, אָנגערופֿן שלוימע?

— יאָ, שלוימע, און געזאָגט האָט ער נאָך, אַז מע רופֿט אים „שלוימע דער טינטער".

— און די דרוקערײַ האָט ער ניט געזאָגט, ווו זי געפֿינט זיך?

— איך האָב געפֿרעגט, גרויסער האַר, געפֿרעגט, נאָר ער האָט מיר גע־שוואָרן פֿאַרן טויט, אַז ער ווייסט אַליין ניט... און אַז אַ ייִד שווערט, און נאָך פֿאַרן טויט, איז דאָס הייליק.

— וואָס נאָך האָט ער דערציילט?

— ס'איז אים געווען שווער צו ריידן. אַז איך האָב אים געזאָגט, אַז זיי, די קאָמוניסטן, קלײַבן זיך אונטערצינדן זײַן טאַטע־מאַמע און פֿאַרברענען זיי און עס איז פֿיל בעסער, אַז ער וועט אַלץ דערציילן אַליין, האָט ער זיך אָנגעצונדן, ווי מיט אַ פֿײַער, און האָט אַרויסגעשריִען:

— די ליטעראַטור נעמט צו אַן אַלטער לאַטיש, וואָס וווינט אַפֿן ברעג ניעמאַן, אין אַ נידעריקן קעלער. ער איז אַ סטאָליער. ער האָט אַ ווײַב, איז זי אַ ביסל אַ קרומלעכע. דאָרט וווינט מיט זיי זייערע אַ טאָכטער, איז זי אַ קאָמיו־ניסטקע.

— אַ נאָמען, אַ פֿאַמיליע האָט ער ניט אָנגערופֿן?

— ניין. ער האָט נאָר געזאָגט, אַז ער וווינט אַפֿן ווינקל פֿון גראָדנער גאַס.

— גוט. און וועגן דעם נאַציאָנאַל־ראַט האָט ער אײַך גאָרנישט דערציילט? רעב לייזער איז געוואָרן אומרויִק.

— וואָס רעדט איר? דאָס ייִדישע נאַציאָנאַלראַט? דאָרטן לויבט מען און מע דאַנקט גאָט פֿאַר דעם פּרעזידענט און פֿאַר זײַנע גרויסע כסאָדים, וואָס ער טוט מיט אונדז, ייִדן... וואָס רעדט איר...

— ניין, איך מיין ניט דעם גאַנצן נאַציאָנאַל־ראַט!.. דעם ייִדישן דעפּוטאַט סאָלאָווייטשיקן קען איך זייער גוט. איך קען די אָנגעזעענע לײַט פֿון נאַציאָנאַל־ראַט אַלע. אָבער אויף אין דער קעהילע האָבן זיך געקאָנט אַרײַנקלײַבן קאָמו־ניסטן, קאָנען זיי דאָך אין נאַציאָנאַל־ראַט אוודאי זײַן. אײַער זאַך איז נאָכקוקן און מיר פֿון צײַט־צו־צײַט אָנקלינגען... איר דאַרפֿט ניט גיין צו מיר. ניט כאָ־לילע דערפֿאַר, ווײַל איך האָב אײַך ניט גערן, נאָר דערפֿאַר, ווײַל עמעצער קאָן נאָך באַמערקן און איר קאָנט דורכפֿאַלן...

ער האָט נאָך ניט פֿאַרענדיקט זײַן געשפּרעך מיטן ראָוו, ווי די טיר האָט זיך געעפֿנט און עס איז אַרײַן דעם שעפֿס געהילף.

— מײַן וואָרעמען גרוס אונדזער ראָוו, דעם כאָשעוועסטן ייִדן פֿון אונדזער רעפּובליק...

אַ טעלעפֿאָן־קלונג האָט איבערגעריסן זייער געשפּרעך.

— נו, איר וועט מיר מוכל זײַן, — האָט זיך געווענדט דער שעף צו דעם ראָוו, — איך בין פֿאַרנומען, איר זעט דאָך... איך דאַנק אײַך זייער...

ער האָט גענומען דאָס טרײַבל אין האַנט און האָט זיך מיט א פֿרײַנטלעכן נייג מיטן קאָפּ צעזעגנט מיטן דאָוו.

דער דאָוו איז אוועק זייער א צופֿרידענער, פֿול מיט האָפֿענונג, אז איצט הייבט זיך ערשט אָן זײַן וועלט, זײַן גרויסע וועלט.

— פֿאַרוואָס זאָל א דאָוו אויך עפּעס ניט האָבן קיין שײַכעס צו דער מע-לוכע?

און דער שעף האָט אין טעלעפֿאָן געגעבן פֿאַראָרדענונגען.

— ארומרינגלען דעם וואָקזאַל, געבן פֿאַראָרדענונגען אַף אַלע ליניעס, אז מע זאָל איבערקוקן אַלע פּעסער בא די פּאַסאַזשירן און יעדן פֿאַרדעכטיקן פֿאַר-שוין ברענגען אהער... אָדער נאָכעמקען וועט איר ברענגען, אָדער אײַערע קעפּ וועלן ליגן בא מיר אין פּאָרטפֿעל. הײַנטיקע וואָך מוז זײַן א סאַך צו דער פֿאַרברעכערישער באַנדע! הײַנטיקע וואָך מוז מען אופֿדעקן די געהיימע דרוקערײַ! הײַנטיקע וואָך, איר הערט, זאָל איך שוין קאָנען אין סיים באַריכטן, אז צו דעם קאָטוניזם בא אונדז האָט גענומען א סאָף.

ער האָט בײַז א וואָרף געטאָן דאָס טרײַבל אַפֿן אַפּאַראַט.

אַפֿן וואָקזאַל איז געווען האַלב טונקל. די עלעקטרישע לאָמפּן זײַנען ניט אַלע געווען אָנגעצונדן, ניט געקוקט דערויף, וואָס דער צוג האָט שוין געהאַלטן באַם אָנקומען. פּאַסאַזשירן זײַנען געווען פֿול, אָבער איבער דער טונקל-קײַט האָט מען זיך געפֿילט ווי איינזאַם... שאָטנס זײַנען ארומגעגאַנגען איבער דעם גרויסן זאַל, האָבן זיך געדרייט צווישן די טישן און שטולן און האָבן זיך קיין אָרט ניט געפֿונען.

— נאָכעמקע איז אויך געווען צווישן די שאָטנס, אָבער ער איז ניט ארומגעגאַנ-גען, נאָר געזעסן פֿאַרשטעקט אין א ווינקעלע און האָט קלוימערשט געדרעמלט. זײַן האַרץ האָט געקלאַפּט. ביז אהער האָט אים געגלאַלטן. בא דער קאַסע האָט ער קיין שפּיקעס ניט באַמערקט. דאָס, וואָס עס איז פֿינצטער אַפֿן וואָקזאַל, איז אויך ניט ערגער... נאָך א מינוט פֿינף—און ער איז שוין אין וואַגאָן.

עס האָט זיך דערטראָגן פֿון פּלאַטפֿאָרם א געדיכטער גלאָקן-קלונג: דער צוג האָט זיך דערנענטערט צו דער סטאַנציע. דער עולם האָט א רויש געטאָן און האָט זיך געשטעלט אין ריי צו ארויסגיין.

נאָכעמקע האָט זיך אויך געשטעלט.

עס האָט אים מאָדנע געציטערט דאָס האַרץ.

— מיטאַמאָל האָבן זיך אַלע לאָמפּן אָנגעצונדן, עס איז געוואָרן שנײַדנדיק ליכטיק.

פֿין עטלעכע ווינקעלעך מיטאַמאָל האָבן זיך געלאָזט צו די טירן פֿון ארויס-גאַנג עטלעכע פֿאַרדעכטיקע פּאַרשוינען.

איינער פֿון זיי איז צוגעגאַנגען צו דער טיר, וואָס פֿירט אַף דער פּלאַט-פֿאָרם, א צווייטער האָט זיך געשטעלט בא דער טיר, וואָס פֿירט אין זאַל.

— אײַערע פּעסער!.. גרייט אָן אײַערע דאָקומענטן...

5

# אין קאָנטר־ראַזוועדקע איז לעבעדיק

אפ אזא גרויס גליק האָט זיך די קאָנטר-ראַזוועדקע ניט געריכט.

אפן וואָקזאַל האָט מען ארעסטירט נאָכעמקען, און בא אים אין די הויזן האָט מען געפונען אײַנגענײט א שיפרירט בריוועלע.

מע האָט ארעסטירט דזשעניקסן, אן אלטן לאַטיש א סטאָליער מיט זײַן פרוי, מיט זײַן יונגער טאָכטער. בא זיי האָט מען געפונען א גרויסן פויערשן קאסטן אפ פיר רעדלעך פול געפאַקט מיט ליטעראַטור צו די וואַלן אין סײם. דאָס איז שוין אן אַניגען, און דער שעף פון דער קאָנטר-ראַזוועדקע איז ארומגעגאַנגען א צופרידענער: אזעלכע העכט געפאַקט!

אָבער פונדעסטוועגן איז דאָס נאָך ווייניק, אז מע זאָל קאָנען קומען אין סײם און זאָגן, אז בא אונדז איז דער קאָמוניזם שוין ליקווידירט.

דאָס איז ווייניק, זייער ווייניק...

און דער שעף האָט באַשלאָסן אליין זיך נעמען צו דער אויספאָרשונג פון די ארעסטירטע: ער וועט שוין בא זיי אלץ דערגיין, ער וועט שוין אנטדעקן די גאַנצע נעסט פון קאָמוניזם.

דעם ערשטן האָט ער געהייסן ארויסרופן נאָכעמקען. ער האָט געהייסן פאַר-הענגען די פענצטער, עס זאָל זײַן האַלב טונקל, עס זאָל מאַכן א סומנעט אײַנ-דרוק אפ דעם שנעק. אין איין ווינקעלע האָט ער געהייסן, עס זאָל זיך שטעלן זײַן געהילף. ער דאַרף שטיין ווי א סטאַטוע. אין דעם צווייטן ווינקל האָט ער אוועקגעשטעלט פאַוועל אנטאָנאָוויטשן. און אפן טיש האָט ער אוועקגעלייגט א רעוואָלווער.

דאָס איז אלץ אפ אָנשרעקן נאָכעמקען.

אליין האָט ער זיך ברייט צעלייגט אין פאָטערשטול און האָט אים געהייסן ארײַנרופן.

די טיר האָט זיך געעפנט, און נאָכעמקען האָט מען ארײַנגעשטופּט מיט האַסט אין קאַבינעט.

— נו, — האָט דער שעף א ברום געטאָן, — וואָס וועסטו זאָגן?

נאָכעמקע האָט געשוויגן. ער איז געשטאַנען אינמיטן צימער, די הענט אין די קעשענעס, א בלאַסער, אָבער א רויִקער מיט א ביסל שמייכעלע אין די אויגן.

— ווי רופט מען דיך?

— איר וועט זײַן אזוי גוט און א קוק טאָן אין מײַן פאַס. ער געפינט זיך בא דעם אגענט, וואָס האָט מיך ארעסטירט.

— שפּאַסן וועסטו מיט דײַנע כאַווײרים פון מאָסקווע. מיט מיר שפּאַסט מען ניט!

נאָכעמקע האָט געשוויגן.

— ווער האָט דיר געגעבן דעם שיפרירטן בריוו?

— וועלכן בריוו?

— בא דיר אין די הויזן איז געווען אײַנגענײט א שיפרירטער בריוו.

— איך ווייס ניט, וואָס איר מיינט, וואָס איז דאָס א... ווי האָט איר געזאָגט, א שפּרידערטעס?

— מאַך זיך ניט נאַריש, איך שפּיל זיך ניט.

— און ווי זעט איר, אז איך זאָל זיך שפּילן. איך ווייס ניט, וואָס דאָס איז א שפּרידערטער בריוו.

דער שעף האָט זיך אופגעהויבן פון זיין אָרט און איז צוגעגאַנגען נאָענט צו נאַכעמקען. זיי זיינען געשטאַנען איינער אנטקעגן דעם אַנדערן און האָבן א צייט ביין געקוקט איינער דעם אַנדערן אין די אויגן.

— דו זעסט אָט דעם רעוואָלווער? באַלד וועט ער זיך צולייגן צו דיין שלייף און פון דיר וועט בלייבן א נאַס אָרט. ווילסט?

— א נאַס? ווי קען דאָ זיין א נאַס אָרט?

— ווער האָט דיר געגעבן דעם בריוו, — האָט ער א ברום געטאָן און האָט צוגעלייגט דעם רעוואָלווער צו נאַכעמקעס שלייף.

— קיינער ניט.

— וויאַזוי זשע קומט ער צו דיר?

— איך ווייס ניט. איך האָב די הויזן געקויפט אפן מאַרק. ווער ווייסט, וועמעס דאָס איז און וואָס דאָרט איז געווען אריינגעלייגט.

— דיין באָבע וועסטו דערציילן אזעלכע מעשׂים.

— מיין באָבע איז שוין לאַנג געשטאָרבן...

די שטילקייט און סומנעקייט פון צימער האָט מיטאמאָל צעדרודערט א קלונג פון א פּאַטש אין באַק. בא נאַכעמקען פון נאָז האָט א שטראָם געטאָן בלוט.

— נו, איצט וועסטו זאָגן?

— איך האָב שוין מיינס געזאָגט. און מער האָב איך ניט וואָס צו זאָגן און וועל גאָרנישט זאָגן. איך האָב קיין קויעך ניט צו געבן אייך צוריק. איר זייט געזינטער פאַר מיר און אָט האָט איר נאָך צוויי פאַרשוינען אזעלכע, ווי איר...

דעם שעף איז געוואָרן גאָר ניט אָנגענעם. אזא קליין יאַטל און ענטפערט אים, דעם שעף, אזוי האָזעדיק. דערהויפּט איז אים געווען ניט אָנגענעם פאַר זיינע געהילפן. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט פאַר נאַכעמקעס לעצטע ווערטער.

— נו, וועל איך זיי אַרויסשיקן. איך וועל בלייבן אליין. עפּשער וועסטו מיר אליין ענטפערן מיט א פּאַטש צוריק? — ער האָט געגעבן א ווונק און ביידע האָבן פאַרלאָזן דעם צימער.

— נו, רייד. עפשער וועסטו מיר אליין ענטפערן?

נאַכעמקע האָט געשוויגן.

— רייד, זאָגט מען דיר!

נאַכעמקע איז געשטאַנען א בלאַסער, און פון נאָז האָט גערונען בלוט. ער האָט פאַרביסן די ליפּן און האָט געשוויגן. נאָר די אויגן האָבן געשפּריצט מיט סינע און אנטשלאָסנקייט.

„בא מיר וועסטו גאָרנישט ניט דערגיין" — האָבן דיטלעך געזאָגט צוויי בייזע פייערלעך אין די אויגן.

דער שעף האָט פאַרביסן די ליפּן. אינווייניק האָט געקאָכט, אָבער ארויסווײַזן זײַן קאַס פאַר דעם קליינעם שנעק האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט זיך א דריי געטאָן אפן קאָרעק און האָט בייז ארויסגעזאָגט:

— נו, גוט. מיר ווילסטו ניט ענטפערן, וועלן מיט דיר ריידן מײַנע אגענטן. זיי וועסטו שוין זאָגן, וואָס מיר באַדאַרפן.

נאָך ערגער איז געווען מיט דזשעניקסן. עס האָט זיך אויסגעלאָזט, אז ער פאַרשטייט נאָר לעטיש. אז מע האָט געבראַכט אַן איבערזעצער, האָט יענער געקאָנט בא אים דערגיין נאָר איין זאַך: מיט דרײַ טעג צוריק האָט בא אים איינער א יונגערמאַן געדונגען א צימער, האָט אים אָפּגעגעבן דעם פּאַס, האָט אַרײַנגעפירט דעם דאָזיקן קאַסטן, און אליין, האָט ער געזאָגט, וועט ער קומען אין א וואָך ארום. ער דאַרף ברענגען זײַן פרוי... דעם פּאַס האָט ער, נאָר אײַנגעמעלדעט האָט ער אים ניט, ווײַל ער האָט געוואַרט, אז עס זאָל קומען שוין זײַן פרוי אויך.

און מער האָט מען ניט בא אים און ניט בא נאָכעמקען גאָרנישט געקאָנט דערגיין.

דער שעף איז געווען זייער אופגעבראַכט. ער איז ארומגעגאַנגען א בייזער, האָט געקלונגען אין טעלעפאָן, האָט געגעבן פאַראָרדענונגען, אָבער געהאָלפן האָט דאָס ניט.

נאָך מיטאָג איז געקומען א ידיעה, וואָס האָט דעם שעף איבעראַשט, וואָס האָט אין איין מינוט אינגאַנצן אומגעביטן זײַן שטימונג.

די אגענטן, וואָס זײַנען געגאַנגען מאַכן אַן אונטערזוכונג בא שלוימען, האָבן אנטדעקט א גרויסע, אומלעגאַלע דרוקערײַ.

דער אָנפירער מיט דער אונטערזוכונג האָט געקלונגען, מע זאָל שיקן א פעסטן אָטריאַד מיט זשאַנדאַרמען און אַן אווטאָמאָביל אָפּ צוצונעמען די דרוקערײַ.

אליין דער שעף איז אונטערגעפאָרן און האָט איבערגענומען די אָנפירונג מיט דער אונטערזוכונג ניט נאָר בא שלוימען, נאָר אפן גאַנצן הויף. ער איז געווען צופרידן, ער האָט זיך געהיצט, ער האָט געגעבן פאַראָרדענונגען, ער האָט גע-קלונגען אין טעלעפאָן.

איצט איז ער אפן פערד! איצט קאָן מען מאַכן א גרויסן פּראָצעס. מע קאָן עס צעפּויקן אין די צײַטונגען, מע קאָן דערקלערן אין פּאַרלאַמענט, אז אדאַנק דער גרויסער מי און טרײַער איבערגעגעבנקייט פון די מיטאַרבעטער פון דער קאָנטר-ראַזוועדקע האָט זיך אונדז ענדלעך אײַנגעגעבן צו ליקווידירן די געפערלעכע נעסט פון די מאָסקווער אגענטן. אומזיסט האָבן אייניקע לײַכטזיניקע מענטשן, — אזוי וועט ער בעפירעש זאָגן — לײַכטזיניקע מענטשן, — געפרוווט באַשולדיקן די קאָנטר-ראַזוועדקע אין דעם, אז דאָרט זיצן מאָסקווער אגענטן... זיי זיצן טאַקע, אָבער אין די קאַטאָרזשנע טפיסעס...

א גאַנצע נאַכט איז די קאָנטר-ראַזוועדקע ניט געשלאָפן, א גאַנצע נאַכט האָט זי געפײַערט איר ניצאָכן.

ווען דער שעף איז צוגעפאָרן צו דער רעדאַקציע פון דער „סאָציאַליס-טישער" צײַטונג, איז שוין געווען אזייגער דרײַ באַנאַכט. די צײַטונג איז שוין

געווען אינגאנצן פארכיק. נאָר דער שעף האָט דורכן טעלעפאָן צוגעפּגערעדט זיך מיטן רעדאקטאָר, אז מע זאָל אויסזעצן מיט גרויסע אויסיעס די דערפרייענדיקע ידיעס וועגן דעם גראנדיעזן ארעסט.

אליין דער שעף האָט דיקטירט די אינפאָרמאציעס, און דער רעדאקטאָר, וואָס איז עקסטרע צוליב דער גראנדיעזער געשעעניש ארויפגעפאָרן אין רעדאקציע, איז ארומגעגאנגען א צופרידענער איבערן קאבינעט און האָט פון גרויס סימכע געפאטשט איבער דער פלייצע דעם שעף.

— א קאָלאָכאלער איניען! א גראנדיעזער איניען! דאָס איז אן ארבעט!

אין דער קאָנטר-ראזוועדקע איז געווען פריילעך. אין דער קאָנטר-ראזוועדקע איז געווען לעבעדיק. די קאָנטר-ראזוועדקע האָט געפייערט איר ניצאָכן.

## 6

## די סימכע איז צעשטערט

דעם טאָג, וואָס דער שעף פון דער קאָנטר-ראזוועדקע האָט געדארפט האלטן זיין רעדע וועגן דער ליקווידאציע פון די קאָמוניסטישע אָרגאניזאציעס אין גאנצן לאנד, האָט זיך אין סיים געקערט וועלטן. אלע זיינען ארומגעגאנגען יאָנטעוודיק געשטימט. דער אינערן-מיניסטער איז ארומגעגאנגען א צופרידענער בא זיך אין קאבינעט און האָט מיט אומגעדולד געווארט אף דער עפענונג פון דער זיצונג.

אלע פראקציעס האָבן געמאכט זייערע זיצונגען און האָבן אויסגעארבעט זייערע דעקלאראציעס. באזונדערס ... זיך נעגרייט די „סאָציאליסטישע" פראקציע און די ציעניסטישע. די „סאָציאליסטן" האָבן זיך געפילט א ביסל אין א פארלעגנהייט. זיי האָבן ניט געוווּסט, ווי זאָלן זיי ארויס פון דער שוועדער לאגע: ערשט ניט לאנג האָבן זיי געזידלט די קאָנטר-ראזוועדקע, זיי האָבן גערעדט עפּעס וועגן מאָסקווער אגענטן, און מיכאמאָל — אזא געשעעניש. נאָר פון דער פארלעגנהייט האָט זיי ארויסגעפירט דער פאָרזיצער פון דער פראקציע. ער האָט געזאָגט, אז אין דער רעדע דארף מען, פארקערט, אונטערשטרייכן, — איך וואָלט זאָגאר אָנגעהויבן פון דעם — אז מיר, „סאָציאליסטן", זיינען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשטויסן די קאָנטר-ראזוועדקע צו ערנסטע מייסים. מיר זיינען געווען גאנץ אָפּט שטרענג, אָפּט צו שטרענג... אָבער דאָס האָט איצט געגעבן דעם דערפאָלג. די פאַרברעכערישע עלעמענטן ווערן ליקווידירט... דאָס דערווייזט אן איבעריק מאָל, ווי וויכטיק עס איז די ראָליע פון די „סאָציאליסטן" אין קאמף מיט די קאָמוניסטן, דאָס טאָר מען אף קיין איין מינוט ניט פארגעסן...

דער יידישער דעפּוטאט סאָלאָווייטשיק האָט זיך אויך געגרייט צו דער ארויסטרעטונג... אין דער ציעניסטישער סיים-פראקציע איז איינשטימיק באשלאָסן געוואָרן, אז דער דעפּוטאט דארף ארויסטרעטן מיט א פאטריאָטישער רעדע, אז ער דארף אָבער אויך אָנווייזן די גרויסע באדינסטן פון די בעסטע זין פונעם יידישן פאָלק אין קאמף מיט די באָלשעוויקעס. עס דארף אונטערגעשטראָכן ווערן

די קאָלאָסאלע באַדײַטונג פונ רעליגיעזער דערציִונג פונעם יונגנ דאָר, און דעריבער מוז די רעגירונג קומענ צו הילפ דעם נאַציִאָנאַל-ראַט און עפענענ העברעיִשע שולנ און גימנאַזיעס פאַר די ייִדישע מאַסנ. דער, ווער עס ענדיקט א שול פונ נאַציִאָנאַל-ראַט, דער וועט שוינ זײַנ געזיכערט פונ דער באָלשעוויסטישער קרענק, ווײַל דאָ דערציט מענ זיי אינ נאַציִאָנאַלנ גײַסט. די רעגירונג דאַרפ זײַנ פאַרינ-טערעסירט אינ פאַרשטאַרקנ די ווירקונג פונ נאַציִאָנאַל-ראַט, דאַנ וועלנ זיי קענענ קומענ צו הילפ דער רעגירונג אינ קאַמפ קעגנ די קאָמוניסטנ, וואָס געפינענ זיכ נאָכ צום באַדויערנ, — אַזוי דאַרפ מענ טאַקע אונטערשטרײַכנ: צום באַדויערנ, — צווישנ פינצטערע ייִדישע מאַסנ.

אַזוי האָט זיכ געגרייט דער ייִדישער דעפּוטאַט צו זײַנ רעדע אינ סיים.

אויכ אַפ די הויפּט-גאַסנ איז געווענ פריילעכ. אַלע קרעמער האָבנ ·געלייענט און טויזנט מאָל איבערגעלייענט די פריילעכע ידיעה, אַז, ענדלעכ, האָט מענ אַנטדעקט די געהיימע דרוקערײַ און די גאַנצע נעסט פונ די מאָסקווער כעוורע-לײַט. די קרעמערלעכ זײַנענ געגאַנגענ איינע צו די אַנדערע מיט אויסגעשטרעקטע צײַטונגענ, האָבנ געשאַפנ רעדלעכ און האָבנ דערציילט כידושים, וואָס אינ די צײַטונגענ קאָנ מענ זיי ניט דרוקנ, נאָר וואָס זיי ווייסנ געוויס, אַז עס איז עמעס:

— מע האָט דאָרט געפונענ פּיסטוילנ און ראַמסעס, אָנגעבויט אַזויפיל, אַז ווי קומט דאָס אַנטקעגנ, לעמאָשל, ווי זאָל איכ אײַכ זאָגנ...

נאָר ענדיקנ האָט דער דאָזיקער שוינ ניט געקענט, ווײַל ווי נאָר איינער פלעגט זיכ אַפ איינ סעקונדע אָפּשטעלנ, פלעגט זיכ שוינ אַרויסכאַפּנ א צווייטער.

— היילנ זײַנענ דאָרט געווענ. מע פלעגט פונ דאָרט די פּראָקלאַמאַציעס זייערע אַרויסקײַקלענ דורכ היילנ אינ פעסער גלײַכ צום ניעמאַנ און דאָרט פלעגט מענ זיי אַפ שיפלעכ אַריבערשיקנ...

— פּאָטאַיעמנע ערטער אַזעלכע, וואָס קיינער וואָלט זיי קיינמאָל ניט דער-זײַנ, ווענ עפּעס איינער פונ זייערע גופע וואָלט ניט אויסגעזאָגט.

— הײַנט דאַרפ מענ גיינ אינ סיים! איינ קלייניקײַט — אַזאַ טאָג! מע זאָגט, אַז דער שעפ וועט דערציילנ די גאַנצע מײַסע, ווי עס איז געווענ!

— ווי קריגט מענ בילעטנ?

— א רענדל א בילעט!

— ווו נעמט מענ טאַקע בילעטנ?

— אינ נאַציִאָנאַל-ראַט, אונדז וועט מענ געבנ, מע דאַרפ שיקנ א דעפּוטאַ-ציע.

צו צוועלפ אַזייגער באַטאָג זײַנענ אַלע ערטער אינ סיים געווענ פאַרנומענ. אַלע דעפּוטאַטנ זײַנענ געווענ אַפ די ערטער. זיי האָבנ מיט אומגעדולד געוואַרט אַפ דעם מאָמענט, ווענ עס וועט זיכ אָנהייבנ די זיצונג. שוינ פונ פריִער איז געווענ אָפּגערעדט מיטנ פּאָרזיצער, אַז הײַנט זאָל מענ אַראָפּנעמענ אַלע פראַגנ און מע זאָל די זיצונג לעכאַטכילע אָנהייבנ מיט דער מיטיילונג פונעם שעפ. אינ די קולואַרנ איז אויכ געווענ פול. אַלע האָבנ זיכ געגרייט. אַלע האָבנ געוואַרט.

היינט. איז געווען א פארשטארקטע וואך. ניט אלעמען האט מען ארײַנגעלאזן. היינט האט מען ארײַנגעלאזן נאר פײַנ געקליידטע, אויסגעפוצטע. קיין ארבעטער האט מען היינט גאר ניט ארײַנגעלאזן.

נאך א גאנצע גרופע ארבעטער, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען איינער, וואס איז געווען ניט גאר פײַן אנגעטאן, מיט א געדיכט אבער קורצ בערדל, האט זיך אײַנגעשפארט און האט אומבאדינגט געוואלט ארײַנגיין. דער שווייצאר האט די ארבעטער פאר קיין פאל ניט געוואלט ארײַנלאזן, אבער פון דער זײַט האט א שפאר געטאן א גרויסער אוילעם און עס איז ארײַן א גרויסע גרופע ניט גאר פײַן אנגעטאנענע לײַט.

מע וואלט אט די האזעניקעס טאקע עפשער גלײַך ארויסגעווארפן, ווען עס וואלט מיטאמאל ניט אנגעהייבן קלינגען דאס גלעקל. עס איז געווארן א טומל און אלע האבן זיך א שאט געטאן אין זאל.

דער פארזיצער האט געקלונגען. דער אוילעם האט זיך געשטופט צו די ערטער. ענדלעך האט מען זיך צעזעצט.

דער שעף פון דער קאנטר-ראזוועדקע האט אנגעהויבן זײַן רעדע בא א פולשטענדיקער שטילקײַט. ער האט גערעדט לאנג און מיט רעכאזים. ער האט געזאגט, אז איינע פון די שכיינישע מעלוכעס, מיט וועלכער זיי לעבן שטענדיק אין פרײַנטשאפט און וועלכע עס איז צו זיי אויך זייער פרײַנטלעך — דערבײַ האט ער זיך א ווײַלינקע אפגעשטעלט און האט כיטרע א שמייכל געטאן, — האט געפרווט בארײַכערן אונדזער לאנד מיט אזא מין אנשטאלט, וואס זי האט קיינמאל ניט געהאט, וואס זי האט אבסאליוט ניט געדארפט און וואס, ער האפט, וועט שוין מער בא אונדז, אין אונדזער פרײַ לאנד, ניט זײַן. זי האט אונדז בארײַכערט מיט א טעכניש-רײַכער אומלעגאלער דרוקערײַ. נאר דאס שארפע אויג פון דער קאנטר-ראזוועדקע קוקט און זעט. די קאנטר-ראזוועדקע האט געדולדיק געווארט. זי האט פון דעם אלעם געוווסט פריער, אבער עס איז נאך ניט געקומען די צײַט צו אנטדעקן די נעסט. איצט איז די נעסט אנטדעקט געווארן. מיר האבן אופגעדעקט די פארבינדונגען מיט אלע שטעט פון לאנד און מיר קאנען דעם סיים אנזאגן, אז די פארברעכערישע קאמפאניע איז ליקווידירט געווארן.

פון א ווינקעלע האט זיך דערהערט מיטאמאל א שטארקע שטים:

— ניין, איר וועט אונדז קיינמאל ניט ליקווידירן!

פון דרײַ זײַטן מיטאמאל האבן זיך אינדערלופטן א הייבן געטאן פעקחײַן לאנגע שמאלע בלעטלעך, ווי פייערווערק-ראקעטן האבן זיי זיך דערקליבן ביזן מיט פון באלקן און פון דארט האבן זיי זיך צעשאטן איבערן גאנצן זאל און גענומען פאלן אפ די פליכעוואטע קעפ פון די דעפוטאטן.

עס איז געווארן א גוואלדיקער טומל. מע האט גענומען לייענען פון די ערטער. דער אוילעם אין די קולואַרן האט זיך אפ טויט איבערגעשראקן און האט א שפאר געטאן צו די טירן. פאליציי און אגענטן פון דער קאנטר-ראזוועדקע האבן זיך א לאז געטאן אין דעם אוילעם און האבן גענומען ארעסטירן פארדעכטיקע פערזאנען.

אפ דער טריבונע איז א בלאסער געשטאנען דער שעף פון דער קאנטר-ראזוועדקע. א לאנג און שמאל בלעטעלע האט זיך א לאז געטאן פון באלקן, האט זיך עטלעכע מאל

איבערגעדרייט און איז אראָפּגעפאַלן אויפן שטענדער צום שלאָס. ער האָט מיטן אויג א כאַפּ געטאָן נאָר צוויי שורות: די אייבערשטע און די אונטערשטע. אויבן איז געווען דייטלעך אָפּגעדרוקט מיט באַזונדערס פעטן שריפט:

פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך!

און אונטן איז געווען אויך מיט פעטע אויסיִעס אויסגעדרוקט: —

צענטראַל-קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי
סעקציע פון קאָמוניסטישן אינטערנאַציאָנאַל. אומלעגאַלע דרוקעריי פון צעקאַ.

געהייסן האָט די פּראָקלאַמאַציע: „דאָס טרייפענע געזינדל“. דער צעקאַ האָט געגעבן צו וויסן דער אַרבעטער-מאַסע וועגן דעם טרייפענעם געזינדל, וואָס איז באַשטאַנען פון די אַגענטן פון דער קאָנטר-ראַזוועדקע, פון ראָוו, פון ייִדישן דע-פּוטאַט און פון די „סאָציאַליסטן“, וואָס האָבן זיך פאַראייניקט אין קאַמף קעגן דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי און קעגן דער ראַטנמאַכט.

דער שלאָס איז געשטאַנען א בלאַסער. עס האָבן אים געציטערט אַלע אייווע-רים. ער האָט געקוקט אויף די לאַנגע בלעטלעך, געקוקט לאַנג, און מיטאַמאָל איז אים פינצטער געוואָרן אין די אויגן. עס האָט זיך אים א דריי געטאָן אין קאָפּ, און ער איז געפאַלן אויפן שטול.

---

# דער טאנצ פונ די קינדער

(א מײַסע פונ קאָלימא)

הײַנט האָט קימאט ווי א „נעס" געטראָפנ.

הײַנט איז אינ עלעקטשאנ א גאנצנ טאָג קײנ ווינט ניט געווענ.

באָרניט, מע קאָנ ניט זאָגנ, א ווינט איז, נאטירלעכ, געווענ: עלעקטשאנ אָנ ווינטנ איז פונקט אזוי מעגלעכ, ווי אנ אָפענער רוים אָנ לופט. אָבער דאָס איז געווענ גלאט אזוי זיכ א ווינטל, ניט קײנ עלעקטשאנער.

עלעקטשאנ איז א קלײנ, צעוואָרפנ ייִשעוול, וואָס האָט זיכ צעשפּרײט צווישנ פיר הויכע סאָפּקעס. די סאָפּקעס שטײענ בא די פיר ווינקלענ פונ עלעקטשאנ, ווי געטרײַע סאָלדאטנ, אונ פונ די צווישנ-סאָפּקעס, ווי פונ פיר גרויסע מעגושעמדיקע אָפענע פענצטער, בלאָזט שטענדיק א צוגווינט.

נאָר הײַנט איז א מאָדנער טאָג. הײַנט איז א שטילער ווינט, גאָר ניט ענלעכ אפ די ווינטנ פונ שטענדיק.

די זונ איז הײַנט אויכ אנ אנדערע. הײַנט איז זי א נאָענטע אונ א הײסע, קלעטערט פונ אינדערפרי אָנ אפנ הימל אונ שטעכט מיט אירע וואַרעמע שטראלנ אינ געדיכטנ אונ הארבנ גליווער פונ פראָסט.

א הימל איז הײַנט א רײנער, א בלויער, מיט א שטאָלענעם אָפּגלאנצ, א הימל, וואָס הענגט איבערנ קאָפּ, ווי א קאָלאָסאלער בלויער קופּאָל. הענגט דער הימל איבער דעם גראָב-פלאסטיקנ שנײ-ווײַסנ צודעק פונ דער ערד, הענגט אונ שמײכלט אזוי וואַרעם צו דעם אלטנ קאטשניעוונ.

כאווער קאטשניעוו האלט הײַנטיקנ שטילנ וועטער פאר א גוטנ סימענ.

— אפּאָנעם, אז דער סעקרעטאר, דער כאווער עפּאָוו, איז פאָרט גערעכט. גראָד אינ דעם טאָג, ווענ ער דארפ פירנ זײַנ קלײנ נײַניאָריק מײדעלע אינ שול, שמײכלט אזוי וואַרעם די זונ אונ דער ווינט גלעט הײַנט איבערנ פּאָנעם אונ לאשטשעט.

דעם כאווער קאטשניעוו איז גאָר ניט גרינג אָנגעקומענ צו באשליסנ אזא הארבע זאכ, ווי אָפּגעבנ זײַנ אניוטקענ צו „זײ" אינ שול. די שול איז א גרויסע, א הויכע, מיט גרויסע גלעזערנע פענצטער אונ... מיט א סטעליע איבערנ קאָפּ. די סטעליע מוז דאָכ אײַנפאלנ, אזוי האָט מיט אים שטענדיק אײַנגעטײַנעט דער

שאמאנ[1], וואָס פלעגט אַרײַנפאָרנ צו אים, אַרומוואַנדערנדיק פונ איינ אָרט אפנ צווייטנ... מיט דער צײַט אָבער האָט דאָס ווייניקער גענומענ שרעקנ, ביסלעכ-ווײַז, שווער, אָבער דאָך האָט זיכ די מוירע גענומענ אויסוועפנ, אונ ער איז אַפילע איבערצײַגט געוואָרנ, אז די גאנצע מײַסע איז א ליגנ... א בייזע אויס-טראכטעניש פונ שאמאנ...

אָט ווינענ דאָך די דוקטשער קאָלווירטניקעס אלע אינ געבויטע הײַזער מיט סטעליעס, מיט דעכער, זיי ווינענ דאָרט שוינ צוויי יאָר אונ מיט זיי האָט גאָר-נישט ניט געטראָפנ: קיינ איינ סטעליע איז ניט אײַנגעפאלנ. קיינ איינער פונ זיי איז ניט געשטאָרבנ. אויס פינצטערע אונ רויכיקע יורטעס — אינ זייערע הײַזער איז ריינ, ליכטיק, ציכטיק. די דוקטשער וואָלטנ אים נאָך פונדעסטוועגנ ניט אינגאנצנ איבערצײַגט, ווענ ניט די געשיכטע מיטנ אָוונט אינ דער שול... אָט-איז געווענ אנ אָוונט, די קינדער האָבנ געטאנצט שיינ, עס איז געווענ ליכטיק אונ וואָרעם. קאטשניעוו איז געשטאנענ פונדערווײַטנ; אים האָט געטרייסלט א צאָנ אָנ א צאָנ: עס וועט אײַנפאלנ די סטעליע — זי מוז דאָך אײַנפאלנ. זיי טאנצנ אזוי, אז די שויבנ ציטערנ, אונ זינגענ אזעלכע מאָדנע לידעלעכ, אונ פונדעסטוועגנ איז די סטעליע ניט אײַנגעפאלנ.

א סאכ א לענגערע צײַט האָט ער מוירע געהאט פאר די רויטע האלדזטיכלעכ. דער שאמאנ האָט אים אזוי געהיימניספול געזאָגט: „דו ווייסט, זיי טראָגנ אָנ די קינדער אפ די העלדזער רויטע טיכלעכ, דאָס איז דאָך א שרעק!" אונ כאָטש ער האָט ניט געוווּסט, פארוואָס איז דאָס א שרעק, איז ער דאָך געווענ איבער-צײַגט, אז דאָס איז ווירקלעכ עפּעס א גוואלדאָוונע אימע. אונ אז ער פלעגט באגעגענענ א קינד מיט א רויט טיכעלע אפנ האלדז, פלעגט ער טראכטנ — א פארפאלנ קינד... אליינ, מיט די אייגענע הענט, קוילעט מענ אוועק א קינד. נאָר אויכ דאָ האָט ער זיכ מיט דער צײַט איבערצײַגט, אז דער שאמאנ זאָגט ליגנ אונ דער כאַווער עפאָוו איז גערעכט, אונ ער האָט ענדלעכ באשלאָסנ אָפגעבנ דאָס קינד אינ שול: דאָרט איז ליכטיק אונ ריינ, דאָרט שפּײַזט מענ זיי גוט, דאָרט איז זיי פריילעכ, די קינדער...

באשלאָסנ — אָבער טיפ אינ הארצנ האָט זיכ נאָך ערגעצ געגראבלט א שטי-קעלע מוירע פאר דעם טאָג, ווענ דאָס דארפ פאָרקומענ: דער שאמאנ האָט פאָרט ניט געהייסנ אָפגעבנ דאָס קינד אינ שול, ער האָט געוואָרנט אזוי הארציק אונ שטיל, ווי א גוטער-פרײַנט. האָט ער גערעדט. שוינ זשע וועט ער לײַגנ?..

אָבער די ליכטיקע זונ אפ עלעקטשאנ, דאָס לײַכטע ווינטל, דער בריליאנטע-נער שניי אונ דער ריינער, בלויער הימל האָט אים צוגעגעבנ דרייסטקײַט — עפאָוו איז אויכ ניט קיינ שלעכטער... ער איז אמאָל בעסער פארנ שאמאנ. דער שאמאנ נעמט, אונ נעמט, אונ נעמט... אונ עפאָוו נעמט גאָרנישט. ער האָט אַפילע ניט גענומענ בא אים דאָס שטיק הירשנ-פליש, וואָס ער האָט אים אמאָל געבראכט פאר א צײַגעניש, וואָס ער האָט געדארפט ארויסנעמענ פונ סאָוועט. די צײַגעניש פאר א צײַגעניש, וואָס ער האָט געדארפט ארויסנעמענ פונ סאָוועט.

1 בא די אָפגעשטאנענע פעלקער אפנ ווײַטנ צאָפנ איז א שאמאנ אזוי פארהײליקט, ווי בא אלטע יידנ א ראָו.

האָט ער טאקע באקומענ את זייער גיכ. נאָר דאָס הירשנ-פלייש האָט עפאָוו ניט גענומענ. ער האָט אים, קאטשניעוו, נאָכ געגעבנ טיי מיט קאָנפעטנ.
„טרינק — זאָגט ער — קאטשניעוו, טרינק, ביסט פונ וועג...״

ניינ, עפאָוו איז נאָר ניט קיינ שלעכטער, ער איז א כאכ בעכער פארנ שאמאנ...

* * *

נאָכ דעם, ווי קאטשניעוו האָט אָפגערעדט מיט עפאָוונ ברענגענ אפ מאָרגנ זיינ אניוטקענ אינ שול, איז ער א פריילעכער אוועק אהיים אָנזאָגנ איר אונ א ביסל צוגרייטנ זי.

אניוטקע איז געזעסנ אינ ווינקל פונ יורטע אפ א קופע אלטע זאכנ אונ האָט זיכ געשפילט מיט פארביקע שמאטקעלעכ, וואָס זיינענ געלעגנ אָנגעוואָרפנ לעבנ איר. זי איז געזעסנ אתטערגעבויגנ די פיסלעכ אונטער זיכ אונ האָט גע-גלעט אונ אויסגעגלעט די שמאטקעלעכ, געלייגט זיי איינע צו די אנדערע. אינ דער יורטע איז געווענ פינצטער, אונ דאָס אייז-פענצטערל האָט געלויכטנ, אפאָנעם, בלויז צוליב דעם, אז מע זאָל בעלעטער זענ די שווארצקייט אונ פארייכערטקייט פונ די ווענט.

קאטשניעוו איז א ווײַלע געשטאנענ אינ דער יורטע את האָט געקוקט אפ אניוטקענ. מאָרגנ צעשיידט זי זיכ מיטנ כרישעכ פונ דער יורטע. זי וועט שויב זיינ אינ א הויכנ ליכטיקנ צימער, א ווארעמענ את א שיינעם. דאָרט וועט זי שלאָפנ ניט אפ שמאטעס. ניט איינגעהויקערט אינ פינצטערנ את איפעשדיקנ קוקול[1], נאָר אפ א ריינ בעטעלע מיט ווייסינקע ליילעכלעכ צוגעבעט, מיט א'קי-שעלע אונ מיט א ווארעמער דעקע.

אונ באזונדער ווארעם איז אים געוואָרנ אפנ הארצנ... ער האָט זיכ באלד אוועק-געזעצט לעבנ איר, אויכ אונטערגעבויגנ די פיס אתטער זיכ. ער האָט פונ די שמאטקעלעכ אויסגעקליבנ עטלעכע רויטע אונ האָט זיי צוגעמאָסטנ אניוטקענ צום העלדזול. ער האָט א ווײַלע געהאלטנ די שמאטקעלעכ, האָט א קוק געטאָנ, צי פאסנ זיי איר, אונ האָט זיי אראָפגעלאָזנ אפ דר'ערד.

— קויפנ דיר א רויט האלדזטיכעלע? — האָט קאטשניעוו געפרעגט בא איר.

— קויפ, — האָט אניוטקע זיכ דערפרייט.

— מאָרגנ גייסטו מיט מיר אינ שול. דאָרט וועסטו זיינ מיט אלע קינדער צוזאמענ, דיר וועט זיינ גוט, דיר וועט זיינ פריילעכ. דאָרט וועט מענ דיר אָנ-טאָנ א רויט האלדזטיכעלע ווי אלע קינדער.

אניוטקע האָט א הייב געטאָנ די אויגנ אפ איר פאָטער אונ האָט זיי א סעקונדע אזוי געהאלטנ אפ אים. אונ באלד האָבנ זיכ די איינגלעכ פארצויגנ מיט א טרויער אונ האָבנ זיכ פארהאנגענ מיט די ברעמענ.

איינ סעקונדע איז געווענ שטיל. אונ מיטאמאָל האָט זי בייז א כאפ געטאָנ דאָס קופקעלע שמאטקעס את האָט זיי א שלײַדער געטאָנ אָנ דר'ערד. אונ אליינ

1 קוקול איז אזא זעקל פונ הירשנ־פעל. די אײַנוווינער פונ וויטנ צאָפנ שלאָפנ אינ זיי, בײַס זיי גייענ אפ יאגד, ווענ זיי קובט אויס צו נעכטיקנ אינ דער טײַגע.

האָט זי זיכ א וואָרפ געטאָנ מיטנ פּאָנעמ אינ די אָנגעוואָרפענע זאכנ אונ האָט זיכ צעוויינט.

זי האָט געכליפּעט, געקלאפט קאפּדיזנע מיט די פיסלעכ, אונ יעדעס מאָל, ווענ דער טאטע פלעגט זי א גלעט טאָנ איבערנ קעפּל, פלעגט זי מיט כאס אָפּווענדנ זיינ האנט. ביסלעכווייז האָט זי זיכ איינגעשטילט אונ איז געבליבנ ליגנ א שטילע, א שווייגנדיקע.

— וואָס איז מיט דיר, קינד, — האָט קאטשניעוו געפרעגט, נעמענדיק זי אפ די הענט, — דו ווילסט אינ שול ניט גיינ?

— איכ האָב מוירע, — האָט זי נאָכ א לאנגנ שווייגנ געענטפערט, — איכ האָב מוירע... דאָרט זיינענ א סאכ קינדער, פרעמדע... דער שאמאנ וועט זיכ בייזערנ אפ אונדז...

קאטשניעוו האָט זי א צייט געהאלטנ אפ די הענט, האָט געגלעט איר קאָפּ אונ האָט זי אלצ איינגערעדט. נאָר זי האָט געשוויגנ, ביז זי איז ענדלעכ איינגעשלאָפנ.

אפ מאָרגנ אינדערפרי האָט ער זי אָנגעטאָנ אינ קליינינקע טארבאזיקלעכ[1], אויסגענייטע מיט פילפארביקע ביסער, אינ א קליינינק קוכליאנקעלע[2] מיטנ קאפּיושאָנ איבערנ קאָפּ.

אניוטקע האָט געשוויגנ, האָט קאפּריזנע ניט געלאָזנ זיכ אָנטאָנ, פלעגט זיכ מיטאמאָל צווזעצנ אפ דר׳ערד, קעדיי דער פאָטער זאָל ניט קענענ ארופּרוקנ די קוכליאנקע.

נאָר ענדלעכ האָט זי דער פאָטער אָנגעטאָנ אונ האָט זי פארנ האנט ארויסגעפירט אפ דער גאס. זי איז געגאנגענ ניט גערנ, פלעגט זיכ איינשפּארנ אונ ניט וועלנ גיינ. ניט איינ מאָל האָט זי זיכ געפּרוווט ארויסרייסנ פונ פאָטערס הענט.

נאָר אָפּגייענדיק א ביסל פונ דער יורטע, האָט זי זיכ מיטאמאָל ארויסגעריסנ פונ פאָטערס הענט אונ איז אנטלאָפנ.

זי איז געלאָפנ פלינק, ניט אומקוקנדיק זיכ. זעלטנ-ווענ פלעגט זי אפ א סעקונדע א קער טאָנ דעמ קאָפּ אפ אהינטער, א קוק טאָנ, ווי וויים זי איז פונ טאטנ. אונ ווידער לויפנ פאָרויס.

קאטשניעוו-האָט זיכ געלאָזנ נאָכ איר, נאָר דעריאָגנ זי האָט ער ניט געקענט. אז זי פלעגט מיד ווערנ, פלעגט זי זיכ צוזעצנ אפנ שניי אונ פלעגט ווארטנ, ביז דער פאָטער פלעגט זיכ דערנעענטערנ צו איר. אונ ווי נאָר דאָס פלעגט געשענ, אזוי באלד פלעגט זי זיכ פלינק אופהייבנ אונ ווידער לויפנ.

דער אלטער קאטשניעוו איז מיד געוואָרנ אונ האָט זיכ צוגעזעצט אפנ שניי. אניוטקע האָט זיכ אויכ צוגעזעצט. זיינענ זיי א צייט לאנג געזעסנ איינע אנטקעגנ די אנדערע אונ האָבנ איינע נאָכ די אנדערע נאָכגעשפּירט.

---

1 טארבאזא — ווייכע, פונ הירשנ-פעל געמאכטע, שטיוול. זיי טוענ זיכ אָנ אפ פוטערנע זאָקנ, וואָס ווערנ געמאכט פונ פעל פונ גאָר יונגע הירשנ אָדער פונ האָזנ-פעל.

2 קוכליאנקע איז א בגעד אויכ פונ הירשנ-פעל אויסגענייט. ער טוט זיכ אָנ איבערנ קאָפּ ווי א זאק.

צופעליק האָט מען זיך פון דעם דערוווּסט אין שול.

דער לערער האָט גענומען א גרופּע קינדער און איז ארויס מיט איר אין גאס.

ווי נאָר אניוטקע האָט דערזען די קינדער, האָט זי זיך א ריס געטאָן פון אָרט. קאטשאָניעוו האָט זיך אויך אופגעהויבן. דער לערער האָט א קאָמאנדע געטאָן דער גרופּע:

— אין רינג!

און באלד איז אניוטקע געווען ארומגערינגלט פון אלע זייטן.

אניוטקע איז געלעגן איינגעגעוּרעט אין שניי. דער לערער איז צוגעגאנגען צו איר, האָט זי געפּרוּווט אופהייבן, האָט זי געגלעט — עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

דאן האָט דער לערער אָרגאניזירט א ראָד פון די קינדער. זיי האָבן זיך גענומען פאר די הענטלעך און אָנגעהויבן זינגען און טאנצן.

איינס פון די קינדער האָט געזונגען:

**אניא, אניא, דו ניט וויין,**
**לאָמיר בעסער טאנצן גיין.**

צוערשט האָט דאָס זינגען און טאנצן אף אניוטקען קיין שום ווירקונג ניט געמאכט, זי איז אלץ געלעגן איינגעגעוּרעט אין שניי און האָט אף קיינעם ניט געקוקט. נאָר אז זי האָט דערהערט איר נאָמען, האָט זי ביגנייווע א קוק געטאָן מיט איין אייגל אף די קינדער.

א קוק געטאָן און באלד צוריק איינגעגעוּרעט זיך.

די קינדער זיינען פיל דרייסטער געוואָרן, האָבן נאָך העכער און פריילעכער גענומען זינגען און טאנצן. אניוטקע האָט אופגעהויבן דאָס קעפּל. שפּעטער האָט זי זיך אליין א הייב געטאָן און זיך אוועקגעזעצט. איין שילער איז צוגעגאנגען צו איר, האָט זי גענומען פאר דער האנט.

אניוטקע האָט זיך ניט געקרן אופגעהויבן און איז געבליבן שטיין מיט אן אראָפּגעלאָזט קעפּל.

דער לערער האָט א ווונק געטאָן, און די קינדער האָבן זיך ווידער גענומען טאנצן, און אזוי, טאנצנדיק, האָט מען אניוטקען אריינגעפירט אין שול.

אין שול איז געווען וואַרעם און ליכטיק. דער לערער האָט גענומען אניוטקען אף די הענט און האָט זי אוועקגעזעצט אפן טיש. די קינדער האָבן געטאנצט, און דער לערער האָט ביסלעכווייז אויסגעטאָן אניוטקען. זי האָט פארוווּנדערט געקוקט אף דער ליכטיקער שטוב, אף די בילדער, וואָס זיינען געווען אויסגעהאנגען אף די ווענט, אף די טאנצנדיקע קינדער.

זי איז געשטאנען אין איין קליידעלע און איר איז געווען וואַרעם.

דער לערער האָט געפרעגט:

— נו, אניוטקע, דיר געפעלט דאָ בא אונדז?

אניוטקע האָט ניט געענטפערט, אָבער איר פארשעמט שמייכעלע האָט געזאָגט, אז עס געפעלט איר.

די שילערס האָבן אניוטקען אריינגעפירט אין א צווייטן צימער. דאָרט איז



...און אזוי, טאנצנדיק, האָט מען אַ־יוטקען אַרײַנגעפירט אין שול.

געשטאַנען צוגעגרייט אַ וואַנעלע מיט וואַרעם וואַסער. אַניוטקע איז פאַרציטערט געוואָרן און האָט זיך צעוויינט. זי האָט זיך גענומען רייסן פון די הענט: זינט זי לעבט האָט אַניוטקע זיך נאָך קיינמאָל ניט געוואַשן.

די לערערקע האָט זי אַוועקגעזעצט אין וואַנעלע. די מיידעלעך האָבן געצויגן און געטאַנצט אַרום, און די לערערן האָט זי דערווייל געוואַשן. נאָך עטלעכע מאָל אויסוואַשן, האָט זי זיך קענטיק דערפילט ניט שלעכט. זי איז געזעסן אין וואַנעלע שטיל. די לערערקע האָט זי איינגעוויקלט אין אַ ווייס לײַלעכל און האָט זי אַרײַנגעלייגט אין אַ ריין בעטעלע.

אַ מידע פון אַ גאַנצן טאָג, אַ דערוואַרעמטע פון דער וואַנע איז אַניוטקע שטאַרק אײַנגעשלאָפן.

קאָכשניעוו איז אַרײַן אין צימער. ער האָט זײַן קינד ניט דערקענט. דאָס שוואַרצבייגעווודיק פון פראָסט פאַרברענט פנימל האָט געגלאַנצט. דאָס קעפל איז געווען גלאַט צוגעקעמט. ער האָט פריילעך אַ קוק געטאָן אויף לערער. זײַנע קליינע אייגעלעך האָבן געבליצט און פלינק אומגעלאָפן אַהער און אַהין. פון פאַרגעניגן האָט ער געריבן די הענט און גיך גערעדט.

— אַ-יאַ! כאַראַ אַ-יאַ[1]! — האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעכאַזערט, ניט גע-פינענדיק מער קיין ווערטער, מיט וועלכע ער זאָל קענען אָפּדאַנקען דעם לערער.

* * *

אַז אַניוטקע האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז נאָך געווען פינצטערלעך. אַרום זײַנען אַלע געשלאָפן און פון די בעטלעך האָט ניך געטראָגן אַ שטיל כראָפּען פון די קינדער.

אין דער ערשטער מינוט האָט זי זיך שטאַרק פאַרוווּנדערט: זי ליגט ניט אין אַ קוקול. נאָר באַלד האָט זי זיך דערמאָנט פון דעם גאַנצן נעכטיקן טאָג, און אַ געמישטער געפיל פון נײַגעריקײַט און אומרו האָט זי אַרומגענומען. זי האָט זיך אַרומגעקוקט און האָט דערזען, ווי פון דעם גרויען, אַ ביסל פאַרפראָרענעם פענצטער קוקט אַרײַן די נאַכט. קינדער שלאָפן אײַנגעגנורעט אין די דעקעס, ס'איז אַזוי מאָדנע שטיל. זי איז אין דער פרעמד, דער טאַטע איז ניטאָ... איר איז אַ ביסל טומנע געוואָרן אויפן האַרצן, זי האָט שוין אויסגעקרימט די ליפּעלעך און האָט געוואָלט אָנהייבן וויינען, נאָר מיטאַמאָל האָט אָנגעהויבן קלינגען דאָס גלעקל. זי האָט זיך פאַרוווּנדערט אַ זעץ געטאָן אויפן בעטל.

— וואָס איז דאָס?

די בעטלעך האָבן זיך גענומען באַוועגן און באַלד האָבן זיך אַרויסגערוקט קינדער-קעפּלעך פון אונטער די דעקעס, דורך די פענצטער האָט גענומען דורכ-לײַכטן דער אָנקומענדיקער טאָג.

— ביסטו גוט געשלאָפן, אַניוטקע?

אַניוטקע האָט אַראָפּגעלאָזן ס'קעפּל און פאַרשעמט געשמייכלט.

ס'איז אַרײַן די ניאַניע און האָט פאַר אַניוטקען געבראַכט אַ ריין קליידעלע,

---

1 אַ-יאַ — גוט; כאַראַ אַ-יאַ — זייער גוט.

א פאָר שיכעלעכ, זאָקנ... דאָס ערשטע מאָל זעט זי אזעלכע זאכנ... דאָס הייסט, געזעג האָט זי זיי, נאָר אפ „יענע" קינדער... זי אליינ האָט קיינמאָל אזוינס ניט געטראָגנ.

אנ אָנגעטאָנענע, אנ אויסגעצוואָגענע און אויסגעוואשענע האָט מענ זי אריינ-געפירט אינ א גרויסנ צימער און אוועקגעזעצט מיט אלע קינדער באַם טיש. ווי א קליינ פארטריבנ ווערפעלע איז זי געזעסנ א צעשראָקענע צווישנ די ראשנדיקע קינדער, האָט געקוקט, וואָס זיי טוענ און האָט זיכ געשעמט נאָכצוטאָנ.

א הייסע גלאָז טיי מיט צוקער, ווייס ברויט מיט פוטער און אינ א שי-סעלע עפעס א געדיכטס, א ווייס, פונ אויבנ גלאנצט עס און עס גייט פונ דעם א פארע.

אלע קינדער האָבנ זיכ גענומענ פאר דער טיי. דער צימער האָט זיכ אָנגעפילט מיט א רויש פונ קלינגענדיקע לעפעלעכ אָנ גלעזער.

אלע טרינקענ—און אניוטקע ניט. זי ווייסט ניט, וואָס זי זאָל טאָנ—עס ווילט זיכ איר טיי, אָבער זי האָט מוירע צו נעמענ זיכ פאר דער גלאָז.

עס איז אונטערגעקומענ די ניאניע, האָט איר אָנגעגאָסנ טיי אינ שאָל און האָט איר געגעבנ א שניקל ווייס ברויט מיט פוטער. אניוטקע האָט מיט פארגע-ניגנ געגעסנ און אלצ געקוקט פארשעמט אפ די איבעריקע קינדער.

אז עס איז געקומענ צו דעם שיסעלע, האָט זי אָפגעקערט דעם קאָפ. די ניאניע האָט זי גענומענ איינרעדנ:

— קאשקע[1], מאנע קאשקע מיט פוטער, זיסע... עס, אניוטקע, עס...—זי האָט אָפגעקערט דאָס קעפל און האָט גענומענ עסנ ערשט דאנ, ווענ זי האָט דערזענ, אז אלע קינדער האָבנ טומלדיק און מיט אפעטיט געגעסנ די קאשע.

זי האָט גענומענ אינ מויל. געפעלנ איז עס איר, אָבער זי האָט מוירע... זי האָט זיכ דערמאָנט אָנ שאמאנ, ער האָט געזאָגט, אז די קינדער פונ די כונגוסנ טאָרנ ניט עסנ „זיירע" שפייזנ. זיי פארשאט, און זיי שטארבנ. אָבער די קאשע איז געווענ זיס און געשמאק. די ניאניע האָט איר אונטערגעטראָגנ איינ לעפל נאָכ דעם אנדערנ, און זי, מוירע האָבנדיק, האָט פאָרט געגעסנ.

באַנאָנ האָבנ די קינדער אניוטקענ אריינגענומענ אינ שפיל. זי האָט זיכ גע-דרייט אינ ראָד מיט אלעמענ גלייכ. זי איז געגאנגענ ניט דרייסט, אלצ ארום-קוקנדיק זיכ, אָבער פונדעסטוועגנ איז איר דאָס אלצ געפעלנ געוואָרנ.

און אזוי, ביסלעכווייז, האָט זי זיכ אריינ[illegible]יגנ אינ לעבנ פונ דער שול און אינטערנאט.

די ערשטע טעג, אז דער אלטער קאטשניקוו פלעגט אריינקומענ געווירע ווערנ אניוטקענ, פלעגט זי צופאלנ צו אים און פלעגט אים בעטנ:

— ברענג מיר א יוקאלא[2]...

עס האָט זי געצויגנ צו די געווינדזלטע פיש, צו הירשנ-פלייש.

---

1 די טונגוסנ האָבנ ביז די לעצטע יאָרנ ניט געוווסט פונ קיינ גרופנ און פונ פריש גריננס, זיי פלעגנ דאָס קיינמאָל ניט עסנ. ערשט די לעצטע יאָרנ האָבנ זיי זיכ גענומענ צוגעוווינענ צו די דאָזיקע שפייזנ.

2 יוקאלא — איז געווינדזלטע פיש. דאָס איז די בעסטע שפייז בא די טונגוסנ.

און נאָך א זאַך פלעגט זי בעטן:

— נעם מיך אהיים.

פון ניט געוואוינהײַט מיט די נײַע אומשטענדן צו זײַן מיט אזויפיל קינדער, ניט צו האָבן אירע שמאַטקעלעך און מויערקעפּלעך, מיט וועלכע זי פלעגט זיך שטענדיק שפּילן, פון דעם צו גרויסן ראַש פון די קינדער — פון דעם אלעם האָט זי די ערשטע צײַט געצויגן אהיים.

איר פלעגט גאַנץ אָפט אומעטיק ווערן. באַזונדערס אומעטיק פלעגט איר ווערן פאַרנאַכט, אַז די זון לאָזט זיך אראָפּ אונטער די סאָפּקעס און דער הימל באַדעקט זיך מיט לילאָווע שטיקער וואָלקנס. דער ווינט וואָיעט און שטורעמט, די פענצטער ציטערן, און איר פלעגט זיך דוכטן: אָט-אָט וועט פאַרקומען דאָס, וואָס דער שאַמאַן האָט געזאָגט. דער ווינט וועט אַראָפּרײַסן דעם דאַך, די סטעליע וועט אײַנפאַלן...

אָט דאַן פלעגט זיך איר בענקען אהיים, אין יורטע, אין איר ווינקעלע אָף די אָנגעוואָרפענע אלטע כפּיצים; עס האָט זי געצויגן אהין, צו די שמאַטקעלעך, צו דער רויִקײַט, צו דער סומנע טונקלקײַט אין דער יורטע, צום אײַז-פענצטערל... אַלץ איז איר געווען אזוי טײַער, פון אַלץ האָט געטראָגן אָף איר מיט אַזאַ וואַרעמקײַט, מיט אַ היימישער נאָענטקײַט.

איינמאָל אין אַזאַ פאַרנאַכט האָט זי זיך שטאַרק צעוויינט. זי האָט זיך אוועקגעזעצט אין אַ ווינקעלע, די פיס אונטער זיך, דאָס גאַנצע קערפּערל אַראָפּגעלאָזן אָף דר׳ערד, דאָס פּאָנעם אײַנגעגראָבן אין אירע דאַרע הענטלעך און האָט געוויינט.

די קינדער האָבן זי געפּרוּווט אײַנשטילן. עס איז געקומען דער לערער. ער האָט זי גענומען אָף די הענט, האָט זי געגלעט און געלאַשטשעט, האָט בײַ איר געוואָלט דערגיין, פאַרוואָס זי וויינט, אַניוטקע האָט ניט געענטפערט. זי האָט שטאַרק געכליפּעט, האַלטנדיק אַראָפּגעלאָזן די אייגלעך.

דער לערער האָט געשיקט נאָכן פאָטער.

אַז קאַטשניעוו איז אַרײַנגעגאַנגען, איז זי צוגעפאַלן צו אים, און דורכן שטאַרקן וויינענדיקן שלוקערצן האָט מען געקאָנט פאַנאַנדערקלײַבן בלויז איין זאַך:

— אהיים... איך וויל אהיים...

דער לערער האָט אַ טראַכט געטאָן און געזאָגט:

— גוט, נעמט זי אָף אַ פּאָר טעג אהיים.

עס איז שוין געווען גאָר שפּעט, ווען קאַטשניעוו האָט אַרײַנגעפירט אַניוטקען אין זײַן קאַלטער און פינצטערער יורטע. זי האָט זיך אוועקגעזעצט אין איר ווינקעלע און האָט זיך באַלד מיט אַ גוואַלדיקן כישעק צוגעכאַפּט צו אירע שמאַטקעלעך.

דער פאָטער האָט אײַנגעהייצט, און אַ רויִקער גרוי-בלויער רויך האָט זיך צעשפּרייט איבער דער יורטע.

— פאַרוואָס איז דאָ אַזוי רויִק, טאַטע?

— בײַ אונדז איז אַלעמאָל רויִק, סט'פאַרגעסן אָפּאָנעם?..

— זי האָט געריבן די אייגלעך. טרערן האָבן זיך איר גענומען שטעלן.

— ס'איז מיר ביטער אינ די אויגנ, טאטע.
— וואָס קענ איכ טאָנ? לייג זיכ שלאָפנ.

זי איז ארײַנ אינ קוקול... דאָרט איז געווענ פינצטער אונ ענג.

צום ערשטנ מאָל אינ איר לעבנ האָט זי דערפילט, אז עס בײַסנ איר די האָר פונעם קוקול. זי האָט זיכ געדרייט אונ האָט א צײַט לאנג ניט געקאָנט אײַנשלאָפנ.

זי האָט זיכ דערמאָנט אָנ דער שול אונ איר בעטעלע, אָנ דער ליכטיקײַט אינ צימער... זי האָט זיכ אויכ דערמאָנט אָנ דער וועטשערע, וואָס מע האָט איר דאָס לעצטע מאָל געגעבנ: קאָמפּאָט האָט זי געגעסנ, א סאכ קאָמפּאָט, זיסנ, געשמאקנ...

זי איז זייער שלעכט געשלאָפנ, אונ געכאָלעמט האָט זיכ איר, אז זי איז אינ שול. די קינדער טאנצנ, אונ זי טאנצט אויכ מיט. מיטאמאָל האָט זיכ געעפנט די טיר, דער שאמאנ איז ארײַנ מיט הירשענע הערנער אפנ קאָפּ אונ האָט גענומענ אפ איר שרײַענ, אונ האָט צעטריבנ אלע קינדער, אונ האָט זי אָנגענומענ פאר די פיסלעכ אונ ארײַנגעשלײַדערט זי אינ קוקול. זי האָט געשריִענ, זיכ געוואָרפנ, דער שאמאנ האָט זי ארופגעשלײַדערט אפ די הערנער אונ איז מיט איר אנטלאָפנ אינ דער יורטע.

זי האָט זיכ אופגעכאפּט אונ צעוויינט.

דער פאָטער האָט זי ארויסגענומענ פונ קוקול. אינ דער יורטע איז געווענ קאלט אונ פינצטער. עס האָט געשמעקט מיט רויכ.

דער פאָטער האָט איר געגעבנ א שטיקל יוקאלא, א גלאָז שווארצע ציגל-טיי[1], קיינ צוקער האָט דער פאָטער ניט געהאט. זי האָט א זופּ געטאָנ טיי, א ריס געטאָנ יוקאלא אונ האָט אלצ אוועקגעלייגט צוריק.

אנ אומעטיקע איז זי געזעסנ אינ ווינקעלע, האָט איבערגעקליבנ צום וויפלטנ מאָל די שמאטקעלעכ, אָבער דאָס האָט שוינ זי ווייניק אינטערעסירט. זי האָט געוואָלט עסנ, זי האָט געוואָלט א רייַנע גלאָז זיסע טיי.

זי האָט אלצ געטראכט וועגנ דער שול, וועגנ די קינדער, וועגנ דעם געשמאקנ מיטיק.

אונ אז דער פאָטער האָט איר פאָרגעלייגט גייִנ אינ שול, האָט זי זיכ געערנ אָנגעטאָנ אונ איז מיט אים אוועק.

פונ דעמלט אָנ איז זי אינ שול געוואָרנ מער צוגעלאָזנ, האָט דרייסטער געשפּילט מיט די קינדער אונ האָט זיכ אהיים ניט געבעטנ...

ביסלעכווײַז האָט זי זיכ גענומענ צוקוקנ, וואָס עס טוענ די קינדער. מיט א באזונדערנ נײַגער האָט זי נאָכגעקוקט, ווי די קינדער וואשנ זיכ אלע אינדערפרי מיט אזעלכער שמעקנדיקער זייפ. נאָר זי האָט גארניט פארשטאנענ, צו וואָס שפּארנ זיי אינ מויל אזא ווײַס פלעקעלע מיט ווײַסער-ווײַסער מעל, רײַבנ עפּעס דאָרט אונ שפּײַענ דערנאָכ ארויס...

---

1 די טונגוסנ נוצנ מער פונ אלצ געפּרעסטע טיי, זי איז באקוועמער אינ זייער שטענדיקנ ארומוואנדערנ, זי איז אָבער ניט אזוי געשמאק ווי געוויינלעכע טיי.

— צו וואָס דאַרף מען דאָס?

און אז די ביאַניע איז צוגעשטאַנען צו איר און האָט איר געפּרוּווט אַמאָל אויסרייניקן די ציין, האָט זי זיך ניט שטאַרק געוועהרט. זי איז געווען נײַגעריק צו וויסן, וואָס פאַר אַ טאַם עס האָט די ווײַסע מעל און וואָס עס ווערט ביכלאַל פון דעם.

גאָר אײַנגיכן האָט זי שוין אַליין געקענט וואַשן זיך באַם קראַן, האָט שוין אַליין גערייניקט אַלע טאָג די ציין, פלעגט דרייסטער גיין צום טיש, שפּילן זיך, אַפילע שטיפן.

און אז זי איז אײַנגאַנצן היימיש געוואָרן, האָט דער לערער זי גענומען אין שול.

דער לערער האָט געלייענט אַ שיינע מעשׂהלע:

„צוויי פאַסטעכער האָבן געפּאַשעט אַ טשערעדע הירשן. געווען זײַנען דאָרט יונגע הירשעלעך און עלטערע. געווען איז דאָס אויף אַ שפּיץ סאָפּקע. דאָרט איז געווען אַ גרויסער טאָל פול מיט יאַגעל[1]. די הירשן האָבן מיט די קאָפּיטעס לײַכט אַראָפּגעשאַרט דעם שניי און האָבן געשמאַק געגעסן דעם יאַגעל. —

איין פאַסטעך, וואָס איז געזעסן אויף אַ הויכן בוים, האָט מיטאַמאָל אַ געשריי געטאָן:

— וועלף! צוויי גרויסע וועלף!

דער צווייטער פאַסטעך, וואָס איז געשטאַנען אונטן, האָט זיך באַלד געכאַפּט פאַר דער ביקס. נאָר דער ערשטער פאַסטעך האָט אויסגעשריִען:

— וואָס טוסטו!

— איך וועל שיסן די וועלף.

— מע טאָר ניט שיסן קיין וועלף, דו ווייסט דאָך, וואָס דער שאַמאַן האָט ניט איין מאָל געזאָגט: וועלף זײַנען הייליק, אין וועלף טאָר מען ניט שיסן.

— די וועלף וועלן דאָך אָבער פאַרצוקן די הירשן.

— מאַלע וואָס — מע טאָר ניט, דער שאַמאַן האָט ניט געהייסן.

דער צווייטער פאַסטעך איז אויך אַרויפגעקראָכן אויף אַ הויכן בוים, די וועלף זאָלן אים ניט קאָנען דערגרייכן.

די וועלף האָבן זיך אַרופגעוואָרפן אויף דער סטאַדע הירשן און האָבן אויסגעקוילעט ניט איין יונגן הירש, ביז זיי האָבן זיך אָנגעזעטיקט מיטן בלוט פון זייערע העלדזער"[2].

דער לערער האָט פאַרענדיקט דאָס מעשׂהלע און האָט געפרעגט בײַ די קינדער:

— דער שאַמאַן האָט ריכטיק געזאָגט אָדער ניט?

די קינדער האָבן אַלע מיטאַמאָל אויסגעשריִען:

— ניין, ניט ריכטיק! דער שאַמאַן איז אַ ליגנער, אַ גאַרנישט! ער זשאַלעוועט ניט די הירשן פון די אָרעמע טונגוסן.

---

1 יאַגעל — אַזאַ מאָך, מיט וועלכן עס שפּײַזן זיך הירשן.

2 די וועלף עסן ניט די הירשן. זיי כאַפּן זיי אָן פאַר די העלדזער, זויגן אויס פון זיי דאָס בלוט און וואַרפן זיי אַוועק.

דער לערער האָט ווײַטער געפֿרעגט:

— וואָס נאָך פּאַר אַ פֿאַלן ווייסט איר, ווען דער שאַמאַן האָט ניט ריכטיק געזאָגט?

איינס אַ יאַטל מיט אַ קײַלעכדיק שוואַרץ-פּאַרברענט פּנים, מיט פֿלינקע בלישטשענדיקע אייגעלעך האָט זיך אויפֿגעשטעלט.

— די שאַמאַנעס זײַנען בּיכלאַל שלעכטע מענטשן. די שאַמאַנעס ריידן אָפּ די טונגוסן, זיי זאָלן ניט גיין אין די קאָלווירטן. די שאַמאַנעס ריידן אָפּ די טאַ-טעס, זיי זאָלן ניט וווינען אין הײַזער: די דעכער וועלן אײַנפֿאַלן... די שאַ-מאַנעס...

— וואַרט אַ ווײַלע, — האָט געזאָגט דער לערער, — עפּשער ווייסט נאָך ווער-עס-איז, וויאַזוי די שאַמאַנעס נאַרן אָפּ די אָרעמע?

— איכ׳ל זאָגן, איכ׳ל זאָגן, — האָט זיך אויפֿגעהויבן פּאַווליק, אַ יונג יאַטל פֿון אַ יאָר צוועלף. — איך ווייס אַ סאַך זאַכן.

— נו, דערצייל.

פּאַווליק האָט זיך אויפֿגעשטעלט און האָט גענומען דערציילן.

— די שאַמאַנעס טײַנען, אַז די ראַטנמאַכט וויל אָפּנאַרן די טונגוסן, אַז די גרעסטע סאָנים זײַנען אונדז די רוסן. און איך ווייס, אַז די גרעסטע סאָנים זײַנען אונדז די באַלעגופֿים.

— ריכטיק, — האָט אויסגערופֿן דער גאַנצער קלאַס.

און איין יינגעלע, נאָך גאָר אַ קלייניקס, וואָס האָט ניט שאַרף גערעדט, איז אויך פֿון גרויס היספּײַלעס אַרופֿגעשפּרונגען אויפֿן טיש און האָט אויסגע-שריִען:

— די שאַמאַנעס ווילן ניט, אַז מיר זאָלן זיך לערנען. זיי זאָגן, אַז אין די שולן וועלן די קינדער שטאַרבן...

— און מיר לעבן, און אונדז איז בעסער ווי אין די יורטעס, — האָט זיך געהערט פֿון אַלע זײַטן.

אַניוטקע איז געזעסן און האָט דאָס אַלץ געהערט. זי האָט אויך געוואָלט אויסשרײַען, אַז דער שאַמאַן איז אַ ליגנער, נאָר זי האָט זיך געשעמט.

• • •

עס זײַנען דורך עטלעכע כאָדאָשים. אַניוטקע האָט זיך דייער גוט אײַנגע-לעבט אין שול. זי איז געוואָרן פֿיל לעבעדיקער, זי האָט זיך אויפֿגעהערט צו שעמען.

און איינמאָל, ווען דער טאַטע האָט זיך אומגעקערט פֿון יאַגד און איז גע-קומען צו אַניוטקען, האָט ער זי גאָר ניט דערקענט. זי איז אויסגעוואַקסן, איז געזינטער געוואָרן, אירע ווײַסינקע ציינדעלעך האָבן געבלישטשעט, די אייגעלעך האָבן געברענט מיט פֿאַרגעניגן.

— דו ווילסט עפּשער אַהיים? — האָט געפֿרעגט דער אַלטער קאַטשאַניאָו.

— ניין, איך וועל אַהיים ניט גיין, און דער שאַמאַן זאָל מער צו אונדז ניט קומען. ער איז אַ שלעכטער מענטש. אַ ליגנער...

— דער שאמאן? פונוואנען ווייסטו?

— דער לערער האָט געזאָגט. און אַלע זאָגן. איך יורטע איז פינצטער און רויכיק, און איך שטוב איז ליכטיק און וואַרעם. דו גיי אויך וווינען אין שטוב, דאַן וועל איך קומען צו דיר.

עס זיינען אָנגעלאָפן די קינדער און האָבן אָנגעזאָגט:

— הײַנט איז בײַ אונדז א יאָנטעוו. הײַנט קומען צו אונדז די דוקטשער קאָל-ווירטניקעס. מיר וועלן הײַנט טאַנצן און זינגען און מאָרגן גייען מיר אַוועק אין לאַגער אויף א גאַנצן זומער.

קאַטשניעוו איז אויך געקומען אויפן אָוונט. ער האָט געזען, ווי די קינדער האָבן געטאַנצט, געשפרונגען, די ווענט האָבן זיך אויס געטרייסלט.

אַניוטקע זײַנע האָט אויך געטאַנצט מיט אַלעמען.

ער איז געשטאַנען און האָט געטראַכט:

— מיר האָבן קיינמאָל ניט געטאַנצט. בײַ אונדז האָט מען קיינמאָל ניט געזונגען. אונדז איז קיינמאָל אַזוי פריילעך ניט געווען, ווען בײַ אונדז איז קיין ראַטנמאַכט ניט געווען...

---

